# בילדונגס און פאַרוויילונגס־טעטיגקייטען אין אונזערע יוניאַנס

## שפּאַצירען פון עדיוקיישאַנאַל דעפּאַרט־מענט פון דער אינטערנעשאַנאַל

די שפּאַצירען זיינען אַ קורס אין סאָציאָלאָגיע, מאָ־דערנער אינדוסטריע, קונסט, וויסענשאַפט און שטאָטישע אַנשטאַלטען. די שפּאַצירען ווערען אָנגעפירט פון פעהיגע לערער וועלכע ערקלערען די היסטאָרישע און געזעל־שאַפטליכע באַדייטונג פון די פּלעצער וואָס ווערען באַזוכט.

שבת, פעברואַרי דעם 3טען, צוויי אַזייגער בייטאָג. מוזעאום פון דער שטאָט ניו יאָרק, פינפטע עוועניו צווי־שען 103 און 104 סטריט. נעמט לעקסינגטאָן עוועניו סאָבוועי צו הונדערט און דריטע סטריט סטיישאָן. מיר טרעפען זיך אין דער געבידע.

שבת, דעם 10טען פעברואַר, עלף אַזייגער אין דער פרי — אין סיטי האָל. מיר הויבען אָן דעם שטודיום פון אַ מאָדערנער שטאָט פאַרוואַלטונג. אַי. אַר. טי. אָדער ב. מ. טי. סאָבוועי אָדער דריטע עוועניו עלעווייטעד צום סיטי האָל סטיישאָן. מיר טרעפען זיך אין גאָווערנאָר'ס צימער.

## אונזערע סאָשעל עדיוקיישאַנאַל צענטערס

מיר הויבען אָן דאָס נייע יאָר מיט אינטערעסאַנטע וויכטיגע פּראָגראַמען אין אונזערע בילדינג צענטערס. די גימנאַסטישע איבונגען צום ביישפּיל וועלען איינשלי־סען לעקציעס אין טאַנצען פאָלקס־טאַנץ און מאָדערנע טענץ; זינגען; קאַלעסטעניקס; בעסקעט און האַנט־באָל; פּינג פּאָנג און אַנדערע שפּילען; לערנען שווימען פאַר אָנפאַנגער און דייווען פאַר די וואָס קענען שווימען. די אַלע טעטיגקייטען ווערען אונטעררכט פון פעהיגע לערער.

אונזערע דיסקוסיעס איבער אַזוינע אינטערעסאַנטע געגענשטאַנדען ווי דראַמע, מוזיק, מואוויס, ליטעראַטור, לויפענדע פּאַסירונגען, פונקציעס, פּראָבלעמען און פּאָ־ליסיס פון אונזער אינערנעשאַנאַל און פון דער אַרבייטער באַוועגונג בכלל יוערען אָנגעפירט פון פעהיגע לעקטאָרס.

אונזער פּראָגראַם איז אַזוי איינגעאָרדענט אַז עס זאָל העלפען אַנטוויקלען דעם קערפּער און גייסט פון די מיט־גלידער, אונזערע צענטערס זיינען אין פאָלגענדע פּלעצער:

איסט מאַנהעטען — דזשוליא ריטשמאַן היי סקול, 2טע עוועניו און 68טע סטריט. יעדען דאָנערשטאָג פון האַלב נאָך פינף ביז צען אין אָוונט.

איסט האַרלעם — העקשייר פאַונדיישאָן, 104טע סט. און 5טע עוועניו. דינסטאָג פון 7:15 ביז 10:30 אָוונט.

בראָנקס — טעאָדאָר רוזוועלט היי סקול, פאָרדהאַם ראָוד און וואַשינגטאָן עוועניו. פרייטאָג פון האַלב נאָך זיבען ביז האַלב נאָך צען אָוונט.

איסט ניו יאָרק — טהאָמאַס דזשעפערסאָן היי סקול, פּענסילוויניע און דומאַנט עוועניו. דינסטאָג פון האַלב נאָך זיבען ביז האַלב נאָך צען אָוונט.

בענסאָנהורסט — ניו יוטהרעכט היי סקול, 79טע סטריט און 16טע עוועניו, ברוקלין. דאָנערשטאָג פון האַלב נאָך זיבען ביז האַלב נאָך צען אָוונט.

מיטגלידער ווערען געבעטען צו באַזוכען און אָנ־שליסען זיך אָן דעם בילדונגס צענטער אין געגענט וואו ער אָדער זי וואוינען. ברענגט מיט אייערע מיט־אַרבייטער.

## יערליכער באַל פון סקווירטמאַכער יוניאָן לאָקאַל 23

די סקווירטמאַכער יוניאָן לאָקאַל 23 וועט האָבען איר יערליכען באַל אין מאַנהעטען סענטער, שבת אָוונט, דעם 16טען מאַרטש. לואיס ריעס, מענעדזשער פון לאָקאַל, באַריכטעט אַז מען ערוואַרטעט עס זאָל זיין אַן אויסערגעוויינליכע אונטערנעמונג. גאַנצע שעפער האָבען שוין באַצייטענס באַשטעלט טיקעטס.

## טראַק דרייווערס יוניאָן באַל מאַרטש 23

סאָול מעץ, מענעדזשער פון דער טראָק דרייווערס און העלפּערס יוניאָן לאָקאַל 102, אַנאָנסירט, אַז די זיבעטע יערליכער אונטערהאַלטונג און באַל פון דעם לאָקאַל וועט דאָס יאָר געהאַלטען ווערען דעם דריי און צוואַנציגסטען מאַרטש און וועט זיין באַזונדערס רייך אין די קרעפטען וואָס וועלען אָנטייל נעמען.

## אונזערע אַקטיאָרען פון „פּינס און נידעלס" ווערען שוין אַנערקענטע שוישפּילער

זיבען פון אונזערע אַקטיאָרען וואָס שפּילען אין די „נייע פּינס און נידעלס" האָבען זיך שוין דערדינט צו ווערען פולע מיטגלידער פון דער אַקטיאָרען יוניאָן, די עקוויטי, מיט אַלע רעכטען און פּריווילעגיעס. די רולס אין דער אַקטיאָרען יוניאָן געבען שטים־רעכט בלויז סעניאָר מעמבערס. דאָס הייסט איינער וועלכער איז אַ מיטגליד פון דער יוניאָן וויינינגסטענס צוויי יאָר און האָט געשפּילט אויפן סטעידזש לכל הפּחות 50 וואָכען. אַכט פון די „פּינס און נידעל" שפּילער האָבען שוין דעם סטאַטוס. זיי זיינען: אַל איבען, פּאָול סעימאָור, היי גאַרדנער, מאַרעי מאָדיק, אַל ליווי, מילדרעד ווייץ, רות רובינשטיין און אַנאַ בראַון, וועלכע האָט פריער געשפּילט אין „פּינס און נידעלס" און איז איצט אין קאַליפאָרניע.

דאָראָטהי העריסאָן און דער כאָר פון „מני מני תקל ופרסין", דער נייער נומער פון דער לייבאָר סטעידזש רעוויו פּינס און נידעלס, האָבען געזונגען דעם באַרימ־טען נומער אויף דער נ. ב. סי. ראַדיאָ פּראָגראַם, זונטאָג דעם 28טען יאַנואַר.

בווירני גולד און פּאָול סעימאָור זיינען שוין אַריין מיט זייער שפּילען אין די הויכע פענסטער. זיי טרעטען אויף צום ערשטען מאָל אין אַ נאַכט קלוב. זונטאָג דעם 21טען יאַנואַר זיינען זיי אויפגעטראָטען אין אַ פּאָר אייגענע אַקטען אין ווילעדזש וועינגאַרד.

הכלל, איצט לוינט זיך זיכער פאַר אונזערע מעמ־בערס צו גיין זען פּינס און נידעלס נאָך אַמאָל. שוין ניט ריידענדיג אַז די וואָס האָבען עס נאָך ניט געזען (אויב עס זיינען נאָך דאָ אַזוינע) מוזען עס אוודאי און אוודאי זען.

## אַרבעטער פון „פּרינס און בידערמאַן" גיבען 1,000 דאָלאַר פאַר פליכטלינגע

די אַרבעטער פון דער גרויסער קלאָוק־פירמע: פּרינס און בידערמאַן" פון קליוולאַנד, אָהייאָ, האָבען אריינגע־שיקט אַ טשעק אויף טויזענט דאָלאַר צו פּרעזידענט דובינסקי אַלס זייער ביישטייערונג פאַר'ן פאָנד צו העלפען די פליכטלינגע.

ביי דער „פּרינס און בידערמאַן" פירמע אַרבעטען כמעט אויסשליסליך קריסטליכע אַרבעטער. ווען די אינ־טערנעשאָנאַל האָט אָבער ארויסגעשיקט איר אַפּיל צו אַלע לאָקאַלס בייצושטייערען צום נאָן־סעקטעריען רעליף פאָנד פאַר פליכטלינגע, האָבען זיך אָט די קריסטליכע אַרבעטער אָפּגערופען פונקט אַזוי ברייטהאַרציג און גערן מיט זייער הילף ווי אַלע אַנדערע מיטגלידער פון דער אינטערנעשאָנאַל. זיי האָבען דערמיט באַוויזען, אַז אין דער אינטערנעשאָנאַל יוניאָן זיינען די מיטגלידער פון אַלע פעלקערשאַפטען און אָפּשטאַמען פאַרברידערט און ביי זיי איז נישטאָ קיין אונטערשייד פון נאַציאָנאַליטעט, גלויבען אָדער ראַסע.

די „פּרינץ און בידערמאַן אַרבעטער האָבען זייער אייגענע לאָקאַל יוניאָן. דעם טשעק אויף די טויזענט דאָלאַר האָט צוגעשיקט דער מענעדזשער פון לאָקאַל, אַלבערט באָקאַי, וועלכער איז אַליין געווען העד קאַטער פון דער פירמע. אין זיין צושריפט צו פּרעזידענט דובינסקי צוזאַמען מיט'ן טשעק מעלדעט ער, אַז בוכ־שטעבליך יעדער איינער פון דער פירמע — די אַרבע־טער, די אָנגעשטעלטע און אויך דער אייגענטימער — האָבען בייגעשטייערט זייער חלק צום פאָנד.

## קאָרסעט אַרבעטער זאַמלען 50 דאָלאַר פאַר פינלאַנד

די קאָרסעט ארבייטער פון דער „אימפּיריאַל מאַנו־פעקטשורערס קאָמפּאַני" האָבען צווישען זיך געזאַמעלט פופציג דאָלאַר פאַר הילף פאַר פינלאַנד און האָבען עס איבערגעגעבען דעם מענעדזשער פון זייער יוניאָן אייב־ראהאם סנײדער. די געלט האָבען זיי געזאַמעלט ביי אַ נייר־יאָר פּאַרטי און האָבען דעם טשעק געבראַכט אין אָפיס פון דער קאָרסעט און בראַזיר ארבייטער יוניאָן לאָקאַל 32 פון דער אינטערנעשאָנעל.

## לעקציעס פון אָפּערייטאָרס לאָקאַל 117 פאַר'ן מאָנאַט פעברואַר

פאָלגענדע לעקציעס זיינען איינגעאָרדענט געוואָרן פאַר זונטאָג'ס צוועלף אַזייגער בייטאָג, אין די פאַרשיי־דענע געגענדען פון שטאָדט וואו די קלאָוק אָפּערייטאָרס וואוינען.

**זונטאָג, דעם 4טען פעברואַר**

בּאָראָ פּאַרק — 1377—42טע סט., נעבען 14טע עוועניו, אין לייבאָר ליסעאום.

קוני־איילאַנד — 2812 מוירמעיד עוו., נעבען 28טע סט.

בראָנקס — 991 סאָוטערן בולוואַרד, נעבען 163טע סט. האַנטס פּאָינט געגענט.

בראָנזוויל — 1703 פּיטקין עוו., נעבען ראַקאַוועי עוו. פּועלי־ציון העדקוואָדערס. — ביי דער לעקציע וועט אויפטרעטען אונזער קינדער מאַנדאָלין אָרקעסטער.

**זונטאָג, דעם 11טען פעברואַר**

בראָנקס — 1955 סאָוטערן בולוואַרד, נעבען טרימאָנט עוו. ביי דער לעקציע וועט אויך אויפטרעטען אונ־זער קינדער מאַנדאָלין אָרקעסטער.

איסט ניו יאָרק — 971 סוטער עוו., נעבען קליוולאַנד עוו.

**זונטאָג, דעם 18טען פעברואַר**

בּאָראָ פּאַרק — 1377—42טע סט., נעבען 14טע עוו., אין לייבאָר ליסעאום.

קוני איילאַנד — 2812 מוירמעיד עוו., נעבען 28טע סט.

בראָנקס — 991 סאָוטערן בולוואַרד, נעבען 163טע סט. האַנטס פּאָינט סעקשאָן.

בראָנזוויל — 1703 פּיטקין עוו., נעבען ראַקאַוועי עוו. פּועלי ציון העדקוואָדערס.

**זונטאָג, דעם 25טען פעברואַר**

בראָנקס—1955 סאָוטערן בולוואַרד, נעבען טרימאָנט עוו.

איסט ניו יאָרק — 971 סוטער עוו., נעבען קליוולאַנד עוו.

צווישען די לעקטאָרס היינטיגען מאָנאַט וועלען זיין: בענדזשאַמין קאַפּלאַן, דער מענעדזשער פון אונזער לאָקאַל 117; דזשייקאָב דזש. העלער, מענעדזשער פון ריפער דעפּאַרטמענט און וויס־פּרעזידענט פון דער אינ־טערנעשאָנאַל; נ. מינקאָף, אָנגעזעהענער אַרבעטער־פיהרער, געוועזענער אַסעמבלימאַן; סיימאָן פאַרבער, מיטאַרבעטער פון דער „גערעכטיגקייט", און אַ צאָל אַנדערע פּראָמינענטע פּערזענליכקייטען.

## אָפּען פאָרומס

אָפּען פאָרומס אין לאָקאַל אָפיס, 242 וועסט 36טע סטריט, וועלען אָפּגעהאַלטען ווערען אין די פאָלגענדע דאַטומס.

**שבת, 11 אַזייגער פרי, 10טען פעברואַר**

**מיטוואָך איינס אַזייגער בייטאָג, פעברואַר 21**

מיר רופען אונזערע מיטגלידער צו באַזוכען די לעק־ציעס און אָפּען פאָרומס.

עקזעקוטיוו באָארד לאָקאַל 117 א. ל. ג. וו. י.
ב. באָדלענדער, טשערמאַן
בענדזשאַמין קאַפּלאַן, מענעדזשער
עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע לאָקאַל 117
מ. פיינבערג, טשערמאַן
א. גלאַטשטיין סעקרעטאַר.


**GERECHTIGKEIT**

**A LABOR JOURNAL**
Published every month by the
*International Ladies' Garment Workers' Union*

Office of Publication:
76 Montgomery St., Jersey City, N. J.

General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins 9-6666

DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor

Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.

Vol. XXII. No. 2. [illegible] February, 1940

Entered as Second Class Matter, August 7, 1923 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Volume XXII. No. 3. Jersey City, N. J., March, 1940 Price 10 Cents

## דער סטאָפּעדזש אין די ברוקלינער קלאָוק שעפּער

דער ערפאָלגרייכער סטאָפּעדזש וואָס דער דזשאָינט באָארד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן האָט דורכגעפירט אין די קלאָוק שעפּער פון ברוקלין, איז זייער אַ גוטער באַווייז, אַז די צייט איז געווען שוין לאַנג רייף, אַז ער זאָל געמאַכט ווערען.

ברוקלין איז אַן אַלטע וואונד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן. עס איז געקומען אַזוי ווייט, אַז מאַנכע האָבן אָנגעפאַנגען טראַכטען, אַז עס איז אַ וואונד, וואָס קען ניט אויסגעהיילט ווערען און עס איז אומזיסט די מיה און די קאָסטען עס צו פּראָבירען היילען.

דאָס איז אָבער געווען אַ פאַלשער שטאַנדפּונקט. ווען אפילו עס זאָל שוין זיין זיכער, אַז עס איז אַ כראָנישע וואונד, וואָס קען ניט אויסגעהיילט ווערען, טאָר מען עס אויך ניט פאַרלאָזען, ווייל עס קען ווערען ערגער. נאָר ווער קען עס האָבן די זיכערקייט צו זאָגען, אַז עס קען ניט אויסגעהיילט ווערען? איינער קען בלויז זאָגען, אַז ברוקלין איז אַ וואונד, וואָס איז שווער צו היילען, אָבער דאָס קען בלויז מיינען, אַז מען דאַרף מאַכען מער אָנשטרענגונגען, אַז מען דאַרף אָנווענדען עקסטראַ מיטלען עס צו היילען, אָבער קיינער האָט ניט געהאַט קיין באַרעכטיגונג צו זאָגען, אַז עס איז אונהיילבאַר.

נאָר מען דאַרף אויך ניט ווערען צו אָפּטימיסטיש און גלויבען, אַז דער ערפאָלגרייכער סטאָפּעדזש אין ברוקלין האָט אויפגעטאָן וואונדער און האָט אויסגעהיילט די וואונד. עס איז נאָך ווייט פון דעם. מען דאַרף נאָך היילען און היילען ביז עס וועט אין גאַנצען געזונט ווערען. עס איז בלויז געמאַכט געוואָרען א גוטער אָנפאַנג. און לויט דעם ווי די ארבייטער פון די שעפּער האָבן זיך אָנגערופען און זייער גרייטקייט, וואָס זיי האָבן ארויסגעוויזען צו פאָלגען די יוניאָן, קען מען האָפען, אַז די באַמיהונגען צו ברענגען אָרדנונג אין די קלאָוק שעפּער פון ברוקלין וועלען ברענגען די געווינשטע רעזולטאַטען.

לויט דער צאָל ארבייטער — נאָהענט צו 7 טויזענד — וואָס די ברוקלינער קלאָוק שעפּער באַשעפטיגען, איז ברוקלין אַ העכסט וויכטיגער פאַקטאָר אין דער קלאָוק אינדוסטריע און קיין אָנשטרענגונג קען ניט באַטראַכט ווערען פאַר צו גרויס און צו קאָסטבאַר אויפצוהאַלטען דאָרטען אַ שטרענגע קאָנטראָל פון דער יוניאָן.

דער סטאָפּעדזש האָט געגעבען דער יוניאָן א געלעגענהייט אריינצוקוקען טיפער אין די ברוקלינער קלאָוק־שעפּער און זיי אויסצולופטערן אביסעל. די ווייטערדיגע ארבייט וועט איצט זיין לייכטער און מיר האָפען, אַז זי וועט געטאָן ווערען מיט דער גאַנצער ענערגיע און אָהן אַן אָפּרוה ביז עס וועט דערגרייכט ווערען דער פולער ערפאָלג.

⁂

## פּראָבלעמען פון דער דרעסמאַכער יוניאָן.

געווען א מאָל א צייט, ווען אַלע פּראָבלעמען האָבן זיך קאָנצענטרירט אין דעם קלאָוק טרייד. אין דער לעצטער צייט אָבער זעט עס אויס, אַז דער דרעס טרייד האָט זיך אין דעם פּרט פון פּראָבלעמען אָנגעפאַנגען אויסגלייכען מיט דעם קלאָוק־טרייד. מאַנכעס מאָל זעט עס אויס, אַז ער פּראָבירט איהם נאָך אריבעריאָגען.

די דרעס אינדוסטריע איז זייער אויף גרויסע צרות. איר גרעסטע צרה איז די קאָנקורענציע פון די ביליגע דרעסעס קעגען די טייערע און פון די נאָך ביליגערע קעגען די ביליגע.

„אוט־אָוו־טאַון" איז אַן אַלטע צרה און אַ גוטער באַקאַנטע און עס איז דעריבער ניט נייטיג וועגען איר זיך אָפּצושטעלען. זי איז ביי די דרעסמאַכער פּונקט אַזאַ צרה ווי ביי די קלאָוקמאַכער. אָבער עס איז נאָרען

א תלמודיש ווערטעל, אַז די נייע צרות מאַכען פאַרגעסען די אַלטע. די נייע צרה איז די קאָטען דרעס.

די קאָטען דרעס איז אמאָל געווען ניט מער ווי אַ הויז־דרעס. פריער איז זי אויך דאָס ניט געווען. עס איז געווען אַ פאַרטוך וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ דרעס. עס איז ממילא געווען א בגד, וואָס האָט ניט קאָנקורירט מיט דער אַרבייט פון די דרעסמאַכער. איצט איז עס אָבער גאַנץ אַנדערש. די קאָטען דרעס האָט זיך אַנטוויקעלט און איז געוואָרען א רעגולערע דרעס אין וועלכער מען קען אויך אַרויסגיין אין גאַס און ניט בלויז טראָגען ביי דער אַרבייט אין הויז אָדער אַרום הויז. די קאָטען דרעס האָט אויף אַזאַ אופן אָנגעפאַנגען קאָנקורירען מיט דער ביליגער סילק דרעס. איר קאָנקורענץ איז געוואָרען נאָך גרעסער, ווען זי האָט צו אַ גאַנץ גרויסען טייל איינגאַנצען אויפגעהערט צו זיין א קאָטען דרעס, נאָר איז געוואָרען אַ רעיאָן דרעס.

די אַנטוויקלונג פון כעמיע, וואָס האָט געשאַפען אַזוי פיל נייע פּראָדוקטען און האָט געבראַכט אַזוי פיל ענדערונגען אין פאַרשידענע אינדוסטריען, האָט אויך ניט אויסגעלאָזען די נאָדעל אינדוסטריע. רעיאָן איז איינער פון די דאָזיגע כעמישע פּראָדוקטען. מען האָט עס אָנפאַנגס גערופען קינסטליכע זייד און עס פאַרדינט דעם נאָמען, הגם עס איז פולשטענדיג אַ גאַנץ אַנדערער מאַטעריאַל ווי אמת'ע זייד. די טעכנישע אויסאַרבייטונג פון רעיאָן האָט זיך אַזוי אַנטוויקלט, אַז די בעסערע סאָרטען איז שווער צו אונטערשיידען פון אמת'ער זייד. רעיאָן איז דעריבער געוואָרען זייער אַ שטאַרקער קאָנקורענט פון זייד. אָבער וועגען דעם האָבן פריהער בלויז געדאַרפט זאָרגען די פּראָדוצירער פון זייד און פון די אַרבייטער, וואָס זיינען באַשעפטיגט ביי דער פּראָדוקציע פון זייד. לעצטענס אָבער האָבן אויך די דרעס־מאַכער געמוזט אָנפאַנגען זאָרגען וועגען דער קאָנקורענציע פון רעיאָן. און דאָס איז וועגען דעם ביליגען סאָרט רעיאָן, פון וועלכען די קאָטען דרעס־מאַנופעקטשורערס מאַכען איצט „קאָטען דרעסעס".

נאָר עס איז קיין אונטערשייד ניט צי מען רופט עס רעיאָן דרעסעס אָדער קאָטען דרעסעס. דער עיקר איז, וואָס דורך זיי נעמט מען אוועק ארבייט פון די דרעסמאַכער. ביז ניט לאַנג צוריק זיינען רעיאָן דרעסעס געמאַכט געוואָרען אין רעגולערע דרעס שעפּער, און היינט מאַכט מען אַ גרויסען טייל פון זיי אין קאָטען דרעס שעפּער, וואו דער פּרייז פאַר אַרבייט איז אַ סך נידעריגער.

די מייסטע קאָטען דרעס שעפּער געפינען זיך „אוט אָוו טאַון", און אין דעם פּרט איז דער „אוט אָוו טאַון" זייער אַ גרויסער. ער איז פאַרשפּרייט כמעט איבער גאַנץ אַמעריקע. אַ סך פון די קאָטען דרעס שעפּער געפינען זיך אין אַזעלכע ערטער, וואו די האַנד פון דער אינטערנעשאָנאַל האָט זיי פריער אפילו ניט דערגרייכט. און שפּעטער, ווען די האַנד פון דער אינטערנעשאָנאַל האָט זיי שוין יאָ דערגרייכט און האָט אָנגעפאַנגען א קאַמף זיי צו אָרגאַניזירען, האָט זיך דער קאַמף ארויסגעוויזען צו זיין א גאַנץ שווערער. מייסטענס זיינען עס גרויסע שעפּער, וואָס זייערע באַלעבאַטים זיינען פעט געוואָרען פון דער עקספּלואַטאַציע פון ניט־יוניאָן ארבייט פאַר א סך יאָרען. די אַרבייט איז אין זיי שטאַרק מעכאַניזירט, די פּראָדוקציע זייער גרויס און דער אַרבייטס־לוין זייער קליין. נאָר ווי שווער דער קאַמף איז געווען, איז ער דאָך צום גרויסען טייל געווען ערפאָלגרייך. א גאַנץ גרויסער טייל פון דער קאָטען דרעס אינדוסטריע איז היינט אָרגאַניזירט און געפינט זיך אונטער יוניאָן קאָנטראָל. אָבער מען קען זיך דאָך ניט באַרויהיגען און זאָגען, אַז דער גאַנצער קאָטען דרעס טרייד איז אָרגאַניזירט. א גאַנץ באַדייטענדער טייל איז נאָך ניט אָרגאַניזירט.

עס איז קלאָר, אַז דער איינציגער מיטעל, וואָס די יוניאָן האָט אין אירע הענד צו באַקעמפען אָט די רואינירענדיגע קאָנקורענץ פון די קאָטען דרעס שעפּער, איז אָרגאַניזירען זיי און איינפירען אין זיי יוניאָן באַדינגונגען. עס איז אמת, אַז אפילו יוניאָן באַדינגונגען קענען ניט זיין פולשטענדיג גלייכע איבער'ן גאַנצען לאַנד. עס מוזען גענומען ווערען אין באַטראַכט די לאָקאַלע צושטענדען. מען דאַרף אויך ניט פאַרגעסען, אַז אין די שעפּער וואו די ארבייט איז מער מעכאַניזירט זיינען די קאָסטען פון פּראָדוקציע קלענער. אָבער אויב עס איז ניט מעגליך אָפּצושאַפען די קאָנקורענציע אין גאַנצען, איז דאָך מעגליך איר צו רעגולירען ווען די אינדוסטריע איז אין גאַנצען אָרגאַניזירט.

די קאָנפערענץ, וואָס די אינטערנעשאָנאַל האָט לעצטענס אָפּגעהאַלטען אין ניו יאָרק וועגען דער סיטואַציע אין דער דרעס אינדוסטריע, האָט דעריבער געקענט קומען בלויז צו איין שלוס, אַז מען דאַרף אָנפאַנגען אַ שטאַרקערען אָרגאַניזאַציאָנס קאַמף אין דער קאָטען דרעס אינדוסטריע, כדי צו אָרגאַניזירען די נאָך ניט אָרגאַניזירטע.

עס איז אַ קאַמף וואָס פאָדערט אַ סך כחות און א סך קאָסטען אָבער ער מוז געפירט ווערען ביז ער וועט געוואונען ווערען.

⁂

## יוניאָן און געזונד.

דער געזונדהייטס דעפּאַרטמענט פון דער שטאָדט ניו יאָרק האָט אויסגערעכענט, אַז צווישען די מיטגלידער פון דער דרעס־מאַכער יוניאָן, וואָס זיינען באַשעפטיגט אין די דרעס־שעפּער פון ניו יאָרק, איז די צאָל, וואָס ליידען פון טובערקולאָזיס פיל קלענער ווי צווישען דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג פון ניו יאָרק. ביי די דרעס־מאַכער פון ניו יאָרק, דערציילט דער ניו יאָרקער געזונדהייטס דעפּאַרטמענט, ליידט בלויז איין פּערזאָן פון 150 פון טובערקולאָזיס, און דאָס איז בלויז כמעט אַ העלפט אין פאַרגלייך מיט דעם פּראָצענט טובערקולאָזיס־ליידענדע פון דער גאַנצער ניו יאָרקער באַפעלקערונג. לויט דער באַהויפּטונג פון הערבערט עדוואַרדס, דער דירעקטאָר פון דער טובערקולאָזיס ביוראָ, דאַרף מען די קלענערע צאָל טובערקולאָזיס ליידענדע צווישען די מיטגלידער פון דער דרעס מאַכער יוניאָן פאַרדאַנקען הויפּטזעכליך דעם געזונדהייטס פּראָגראַם פון דער דרעס מאַכער יוניאָן און דעם יוניאָן העלטה צענטער פון דער אינטערנעשאָנאַל.

עס דאַרף באַמערקט ווערען, אַז די אויבען דערמאָנטע אויסרעכענונגען פון ניו יאָרקער געזונטהייטס־דעפּאַרטמענט זיינען הויפּטזעכליך באַזירט אויף די ציפערען פון לאָקאַל 22 פון דער דרעסמאַכער יוניאָן. לאָקאַל 22 האָט געלאָזען עקזאַמינירען אין יוניאָן העלטה צענטער אַ גאַנץ גרויסע צאָל פון זיינע מיטגלידער און ער פאַסט אויף, אַז די אָנגעגריפענע פון טובערקולאָזיס זאָלען גלייך ארויסגענומען ווערען פון די שעפּער און אָוועקגעשיקט ווערען אין סאַניטאַריומס פאַר טובערקולאָזע דאָרטען געהיילט צו ווערען.

מיר דאַרפען אָבער זאָגען, אַז מער ווי אַלץ איז די קלענערע צאָל טובערקולאָזיס קראַנקע ביי די דרעסמאַכער, ווי אויך ביי די אַרבייטער פון די אַנדערע טריידס, וואָס זיינען אָרגאַניזירט פון דער אינטערנעשאָנאַל, צו פאַרדאַנקען די יוניאָן באַדינגונגען, וואָס זיינען אויסגעקעמפט געוואָרען אין די שעפּער.

טובערקולאָזיס האָט זיך אַמאָל גערעכענט פאַר אַ פּראָלעטאַרישער קראַנקהייט. עס זיינען געווען די אַרבייטער, וואָס האָבן צוגעשטעלט די גרעסטע צאָל טובערקולאָזיס קראַנקע. די אַרבייטער פון דער נאָדעל־אינדוסטריע זיינען געווען פון די ערשטע אין דער רייה. עס איז געווען צום גרעסטען טייל אַ סוועט שאָפּ אינ־

דוסטריע. מען האט געארבייט אונגעהויער לאנגע שטונדען אין ענגע, שמוציגע שעפער אהן זון און אהן לופט. די שעפער זיינען אייגפאך געווען נעסטען פון טובערקולאזיס. היינט איז עס אבער גאנץ אנדערש.

דורך דעם לאנגען קאמף, וואס די אינטערנעשאנאל האט געפירט, זיינען די אמאליגע סוועט־שעפער כמעט אין גאנצען אפגעשאפט געווארען. די היינטיגע שעפער זיינען צום גרעסטען טייל גראמע, האבען גענוג לופט און ווערען געהאלטען ריין און סאניטאריש. דער ארבייטס־טאג איז פיל פארקירצט געווארען און דער לעבענס סטאנדארד פון די ארבייטער איז באדייטענד געהעכערט געווארען.

אט די גינסטיגע יוניאן באדינגונגען, וואס זיינען אויסגעקעמפט געווארען, צוזאמען מיט דער געזונדהייטס פראגראם פון די לאקאלס און דער יוניאן העלטה צענטער פון דער אינטערנעשאנאל האבען געפירט דערצו, אז די צאל פון טובערקולאזיס קראנקע זאל ביי אונז ווערען פיל קלענער.

## פרעזידענט רוזוועלט און די ארבייטער

אימעצער אין האנאלולו אדער אין מאסקווע, וואס ווייס ניט וואס ביי אונז אין אמעריקע טוט זיך, קען זיך פארשטעלען, אז די ארבייטער אין אמעריקע זיינען שטארק צוקריגט מיט רוזוועלט'ן און ווארטען מיט אומגעדולד, אז א נייער פרעזידענט זאל געוויילט ווערען. ווי אזוי אנדערש קען ער דענקען, ווען איין טאג לייענט ער די נייעס, אז דזשאן לואיס, דער פרעזידענט פון דער גרויסער מאינערס יוניאן, וועלכער איז אויך דער פרעזידענט פון דער סי. אי. א. האט ערקלערט, אז ווען רוזוועלט וועט זיין א קאנדידאט פאר א דריטען טערמין, וועט ער מיאוס דורכפאלען; א צווייטען טאג לייענט ער, אז מעטיו וואל און וויליאם האטשענסאן, העכסט פראמינענטע פירער פון דער אמעריקען פעדערעישאן אוו לעיבאר, צוזאמען מיט נאך 8 פרעזידענטען פון גרויסע פעדערעישאן יוניאנס, האבען ארויסגעגעבען אן ערקלערונג, אין וועלכער עס ווערט געזאגט, אז אלץ, וואס רוזוועלט האט געטאן אין די זיבען יאר, וואס ער איז פרעזידענט, האט ניט געטויגט און אז זיין ניו־דיל איז א צרה פאר די ארבייטער; א דריטען טאג לייענט ער, אז די עקזעקוטיווע פון דער אמעריקען פעדערעישאן אוו לעיבאר פארלאנגט, אז רוזוועלט זאל לאזען די באלעבאטים אפכאפען דעם אטעם און ער זאל וויניגער זיך מישען אין זייערע ביזנעס. איז עס דערפון ניט גענוג קלאר, אז די ארבייטער אין אמעריקע זיינען געגען רוזוועלט'ן?

נאר אויב עס איז פארשטענדליך, אז איינער אין מאסקווע אדער אין האנאלולו זאל האבען אזא פארשטעלונג, איז עס שווער צו פארשטיין ווי אזוי מענשען אין אמעריקע, וואס פרעטענדירען אויף אינטעליגענץ, זאלען האבען אזא פארשטעלונג. דא אין אמעריקע ווייסט מען דאך גאנץ גוט, אז די ארבייטער אנערקענען, אז פון אלע פרעזידענטען, וואס אמעריקע האט געהאט, האט רוזוועלט מער געטאן פאר די ארבייטער מאסען ווי אלע אנדערע. און ווען דזשאן לואיס האט געמאכט אן ערקלערונג, אז דזשאן לואיס האט מיט זיינע ווערטער וועגען רוזוועלט'ן ניט אויסגעדריקט די געפילען און די געדאנקען פון די אמעריקאנער ארבייטער און אפילו ניט פון די מיטגלידער פון זיין אייגענער יוניאן, האט ער פאר דעם געקענט ברענגען דעם איבערצייגענדסטען באווייז. אז 47 לאקאלס פון דזשאן לואיס'עס מאינערס יוניאן האבען פארגעשלאגען רעזאלוציעס צו דער קאנווענשאן, וואס האבען אויסגעדריקט דעם וואונש, אז רוזוועלט זאל זיין פרעזידענט פאר א דריטען טערמין. און ווען דזשאן לואיס איז אויף דער מאינערס קאנווענשאן אזוי שארף ארויסגעטראטען געגען רוזוועלט'ן, האט ער גאנץ גוט געוואוסט וועגען די רעזאלוציעס פון זיינע מאינערס.

און קען אימעצער זאגען, אז האטשעסאן, מעטיו וואל און די אנדערע 8 יוניאן פרעזידענטען, וואס האבען אין זייער ערקלערונג פארדאמט רוזוועלט'ס ניו־דיל, האבען אויסגעדריקט די געפילען און די געדאנקען פון די אמעריקאנער ארבייטער, אדער אפילו פון די מיטגלידער פון זייערע אייגענע יוניאנס?

קיינער קען ניט זאגען וואס יעדער אמעריקאנער ארבייטער טראכט. מיר ווייסען גאנץ גוט, אז צווישען די ארבייטער זיינען פאראן אזעלכע, וואס זיינען דורך און דורך רעאקציאנער. עס זיינען פאראן מיטגלידער ארבייטער אין אלע מינים פאשיסטישע ארגאניזאציעס אין אמעריקע. עס זיינען פאראן ארבייטער, וואס זיינען סקעבס, לינטשערס און וואס אין קארט, אבער ניט זיי כאראקטעריזירען דעם אמעריקאנער ארבייטער. זיי זיינען דער אפפאל. די סולת פון די אמעריקאנער ארבייטער מאסען. און ווען עס רעדט זיך וועגען די אמעריקאנער ארבייטער־מאסען קען מען יא וויסען וואס זיי פילען און וואס זיי טראכטען. דאס ווייסען ניט בלויז די, וואס קומען אין א נאהענטער בארירונג מיט די ארבייטער און הערען וואס זיי ריידען, נאר עס ווייסען אויך אלע אנדערע, וואס ווילען עס וויסען. זיי ווייסען עס פון די רעזאלוציעס, וואס ווערען אנגענומען אויף ארבייטער פארזאמלונגען און פון ארבייטער ארגאניזאציעס, זיי ווייסען עס פון פארשידענע אנקעטעס וואס ווערען דורכגעפירט צווישען די ארבייטער א. אז. וו. און פון אלץ און אלעמען, וואס מען הערט, ווייסט מען, אז די ארבייטער זיינען פאר רוזוועלט'ן און וועלען שטימען פאר אים, ווען ער וועט זיין א קאנדידאט פאר א דריטען טערמין.

דאס ווייסען אלע רוזוועלט'ס געגנער און דעריבער האבען זיי אזוי מורא פאר זיין קאנדידאטור. די פירער פון דער רעפובליקאנער פארטיי און די אלע אנדערע געגנער פון רוזוועלט'ן, וואס פארזיכערען, אז רוזוועלט וועט מיאוס דורכפאלען, ווען ער וועט זיין א קאנדידאט פאר א דריטען טערמין, האבען דאכט זיך געדארפט זיין העכסט צופרידען, אז רוזוועלט זאל זיין א קאנדידאט פאר א דריטען טערמין, כדי ער זאל מיעוס דורכפאלן. זיי האבען געדארפט אנשטעלן מענשען, וואס זאלען רוזוועלט'ן איינריידען, אז ער זאל זיין א קאנדידאט פאר א דריטען טערמין. אבער אנשטאט צו זיין צופרידען מאכען זיי גאר קולות, אז רוזוועלט טאר עס ניט טאן. דאס איז דערפאר, ווייל זיי אליין ווייסען, אז ווען רוזוועלט וועט זיין א קאנדידאט וועט ער זיכער געוויילט ווערען, ווייל די ארבייטער און די פאלקסמאסען זיינען פאר אים.

ווי אזוי קענען די ארבייטער זיין געגען רוזוועלט'ן? זיי קענען האבען צו אים טענות, און אויך מיט רעכט, אז אין דער לעצטער צייט האט ער פאר זיי ווייניגער געטאן, ווי זיי האבען פון אים ערווארטעט, אז זיין ניו־דיל איז אין דער לעצטער צייט אפגעשוואכט געווארען, אבער פארלויפיג איז רוזוועלט נאך אלץ פאר די ארבייטער דער בעסטער פרעזידענט קאנדידאט צווישען די אלע קאנדידאטען, וואס זייערע נעמען ווערען דערמאנט.

געוויס קענען די ארבייטער זיך ווינשען נאך א בעסערען פרעזידענט ווי רוזוועלט, הגם מיר צווייפלען, אויב זיי קענען אזעלכען געפינען צווישען די ארבייטער־פירער, וואס טרעטען ארויס געגען רוזוועלט'ן. ער איז פראגרעסיווער, ליבעראלער און דעמאקראטישער פון זיי. אבער ווען עס רעדט זיך וועגען פראקטישער פאליטיק, ווייסען מיר גאנץ גוט, אז פארלויפיג האלט עס נאך ניט דערביי אין אמעריקע, אז אן ארבייטער זאל געוויילט ווערען פאר א פרעזידענט. אפילו דזשאן לואיס מיט זיין „לעיבאר נאן פארטיזען ליג", פון וועלכער ער איז דער פולשטענדיגער באלעבאס, איז נאך ווייט דערפון ארויסצושטעלען איינעם פון זיינע מאינערס, א חוץ אפשר זיך אליין, פאר א פרעזידענט קאנדידאט.

ווען מען רעדט וועגען פראקטישער פאליטיק ווייס מען, אז פארלויפיג זיינען עס די צוויי אלטע פארטייען — די דעמאקראטישע און די רעפובליקאנישע, וואס קענען ערווילען א פרעזידענט. דער נעקסטער פרעזידענט פון אמעריקע וועט דעריבער זיין אדער א דעמאקראט אדער א רעפובליקאנער. די ארבייטער ווייסען גאנץ גוט, אז ווער עס זאל ניט זיין דער רעפובליקאנער קאנדידאט וועט ער פאר זיי ניט טויגען און זיי קענען ניט זעהן, אז ביי די דעמאקראטען איז פאראן א קאנדידאט, וואס זאל זיין בעסער פאר רוזוועלט'ן. פארלויפיג קענען די אלע קאנדידאטען, וואס ווערען דערמאנט, אפילו ניט געשטעלט ווערען אין א פארגלייך מיט רוזוועלט'ן.

עס איז דעריבער די פראגע: ווי אזוי זאלען די ארבייטער ניט זיין פאר רוזוועלט'ן?

## פאבער

פון נחום יוד.

### וועגען א יונגען האן

א יונגער האן, וואס איז געווען אנטציקט
פון דעם וואס ער האט אנגעהויבען קרייען,
איז אויף א פלויט ארויפגעשפרונגען גאנץ געשיקט,
ביים וועג וואו אלע גייען,
מיט א געשריי: „קומט הערט ווי גאט האט מיך באגליקט!
איר האט נאך ניט געהערט אזוינס אין אייער לעבען...
הערט אויס מיין טאן, מיין קלאנג!...
איר וועט געוויס מיר פאר מיין זעלטענעם געזאנג
דעם אויבערשטן פון אלע קרייער געבען!
מען טרעפט גאר ניט אזוינע טענער
ביי קיינעם פון די אלטע הענער!"

צו הערן עפעס נייס — איז אויף דער וועלט
פאראן א סך בעלנים,
נו, האבען זיך געפונען היבש נאראנים,
וואס האבען זיך דארט אפגעשטעלט
מבינות זאגען אויפ'ן הענדעל.

דער יונגער האן באטראכט האט אלעמען גאנץ שארף,
אויסגעשטעלט זיך ווי מען דארף,
(מישטיינס געזאגט — א קריי א רענדעל)
א פאר מאל מיט די פליגעל אנגעקלאפט, —
נאר דא... פון אויפרעגונג האט אים דער אטעם גאר פארכאפט.
און ווי ער האט זיין קעפעל ניט געצויגען,
אין גרויסער שרעק
ארפגעלאזט און אויסגעשטעלט דעם עק,
פארמאכט און אויסגעגלאצט די אויגען, —
ארויסברענגען א טאן
איז פארט אים ניט געלונגען...
און אן א קריי איז נעבאך דא מיין האן
פון פלויט אראפגעשפרונגען.

*

מיין יונגער העלד!
ווען דו וואלסט שוין געקרייעט גלייך מיט אלע הענער,
און זאל זיין אז אפילו שענער, —
וואלסט דו דאך אויך ניט איבערראשט די וועלט...



# פון צייט צו צייט

פון צביון



עטיו וואָל, האַטשעסאָן און נאָך 8 פּרעזידענטען פון יוניאָנס פון דער אַמעריקען פעדערייששאַן אָוו לייבאָר האָבען אַרויסגעגעבען אַן ערקלערונג, אַז פּרעזידענט רוזוועלט'ס ניו דיל טויג ניט פון אָנפאַנג ביזן סוף.

עס איז אַ לאַנגע ערקלערונג. זי נעמט דעם גאַנצען ניו דיל פאַר די גאַנצע זיבען יאָר זינט ער איז געבאָרען געוואָרען און מאַכט אַ פּאָגראָם אויף אים. ניט בלויז האָט ער ניט געבראַכט קיין שום גוטס פאַר די אַרבייטער, נאָר ער האָט זיי געבראַכט אַ סך שלעכטס. דער ניו דיל איז אפילו שולדיג אין דעם, וואָס עס איז פאַרגעקומען אַ שפּאַלטונג אין דער אַמעריקאַנער אַרבייטער באַוועגונג.

די ערקלערונג איז פול מיט לומדות. אין איר ווערט ניט בלויז דערציילט, וואָס סעמיועל גאָמפּערס האָט אַמאָל געזאָגט. נאָר אפילו, וואָס דער ניט לאַנג פאַרשטאָרבענער פּיוראָסעט האָט געזאָגט. דער אַלטער פּיוראָסעט האָט נעמליך אַמאָל געזאָגט, אַז די אַמעריקאַנער רעגירונג קען איינפירען אַ פיר־שטונדיגען אַרבייטס־טאָג און אַ פיר־טאָגיגע אַרבייטס־וואָך, אָבער די אַרבייטער דאַרפען זיין געגען דעם, אַז די רעגירונג זאָל עס טאָן, ווייל זיי דאַרפען מורא האָבען, אַז פּונקט אַזוי קען די רעגירונג איינפירען אַ צוועלף שטונדיגען אַרבייטס־טאָג. קורץ און גוט, די אַלטע באַקאַנטע פאַרשימעלטע תורה, אַז די רעגירונג טאָר זיך ניט מישען און אַז סאָציאַלע געזעצגעבונג איז אַ געפאַר פאַר די אַרבייטער.

נאָר די צען פירענדע גייסטער פון דער אַמעריקען פעדערייששאַן, פון וועלכע עס שפּרודעלט מעטיו וואָל'ס תורה און לומדות, זאָרגען עס ניט בלויז פאַר די אַמעריקאַנער אַרבייטער, נאָר זייער האַרץ איז ברייט גענוג אויך אַריינצונעמען די באַלעבאַטים. מעטיו וואָל און האַטשעסאָן האָבען נעמליך אויסגעפונען, אַז ניט בלויז די אַרבייטער לײַדען שטאַרק פון רוזוועלט'ס ניו דיל, נאָר אויך די באַלעבאַטים נעבאַך. דער ניו דיל האָט איינפאַך די באַלעבאַטים אומגליקליך געמאַכט. ער האָט זיי געשלאָגען מיט ביידע עקען פון דעם שטעקען. ער האָט אַרויפגעליגט אויף זיי שווערע שטייערען און האָט דער'הרג'עט זייערע פּראָפיטען, וואָס זיי פלעגען מאַכען אין זייערע אונטערנעמונגען. עס פאַרקלעמט איינפאַך דאָס האַרץ פון רחמנות, ווען איר לייענט ווי שלעכט עס איז די באַלעבאַטים. ניט קיין וואונדער טאַקע, וואָס ניט בלויז מעטיו וואָל און האַטשעסאָן האָבען זיך אָנגענומען פאַר די באַלעבאַטים, נאָר די גאַנצע עקזעקוטיווע פון דער אַמעריקען פעדערייששאַן אָוו לייבאָר האָט באַשלאָסען צו פאַרלאַנגען פון רוזוועלטן, אַז ער זאָל לאָזען די באַלעבאַטים אָפּכאַפּען דעם אָטעם, אַז ער זאָל זיי געבען אַ „בריטהינג ספּעל”.

אויף די באַלעבאַטים איז נעבאַך ווירקליך אַ גרויס רחמנות. די אַרבייטער האָבען ווייניגסטענס ווער עס זאָל זיך פאַר זיי אָננעמען געגען רוזוועלט'ס ניו דיל, אָבער וועמען האָבען די באַלעבאַטים? זיי זיינען דאָך איינגאַנצען הילפלאָז און שוצלאָז אין אַמעריקע.

אמת, די באַלעבאַטים האָבען אַ טשעמבער אָוו קאָמערס, וואָס פּרובירט עפּעס טאָן פאַר זיי. עס איז אויך אמת, אַז די באַלעבאַטים האָבען אימיצען אין קאָנגרעס וואָס זאָל זיך פאַר זיי אָננעמען. עס זיינען דאָרטען פאַראַן עטליכע סענאַטאָרען און קאָנגרעסלייט וואָס שטעלען זיך איין געגען דער אונטערדריקונג און פאַרפאָלגונג פון די באַלעבאַטים. מען זאָגט אפילו, אַז גאַרנער אַליין, רוזוועלט'ס וויצע פּרעזידענט און דער פאָרזיצענדער פון סענאַט, האָט ערגעץ אין זיין האַרצען אַ וואַרעם ווינקעלע פאַר די באַלעבאַטים, אָבער וואָס העלפט דאָס אַלץ, ווען עס איז פאַראַן אַזאַ גרויזאַמער, אום'ברחמנות'דיגער וואַגנער געזעץ, וואָס ברענגט אַזוי פיל אומגליק אויף די אַרבייטער מיט די באַלעבאַטים. און דאָס ערגסטע איז, וואָס בלויז זייער ווייניג אַרבייטער פאַרשטייען די פילאָסאָפיע פון מעטיו וואָל און האַטשעסאָן, אַז דער וואַגנער געזעץ איז פאַר זיי אַן אומגליק. די אַלע אַנדערע אַרבייטער פון אַמעריקע האָבען זיך געלאָזט פאַרפירען פון רוזוועלט'ן און פון וואַגנער'ן און זיי גלויבען, אַז דער וואַגנער געזעץ איז גוט פאַר זיי. די באַלעבאַטים אָבער זיינען כמעט אַלע איינשטימיג מיט מעטיו וואָל און האַטשעסאָנ'ען, אַז דער וואַגנער געזעץ טויג ניט.

* * *

די שטאַרקסטע טענה, וואָס מעטיו וואָל און האַטשעסאָן מיט זייערע חברים די אַנדערע 8 יוניאָן פּרעזידענטען שטעלען אַרויס געגען דעם ניו דיל אין זייער ערקלערונג, איז פאַרוואָס ער האָט ניט געשאַפען קיין אַרבייט פאַר דער גרויסער אַרמיי פון די אַרבייטסלאָזע. עס זיינען איצט פאַראַן 10 מיליאָן אַרבייטסלאָזע אין לאַנד, צווישען זיי עטליכע מיליאָן יונגע אַרבייטער.

נו, דאָס איז ווירקליך אַ שטאַרקע טענה. אָבער האָט מעטיו וואָל, האַטשינסאָן און זייערע נאָכשלעפּער אַן ענטפער ווי אַזוי עס קען געשאַפען ווערען אַרבייט פאַר דער גרויסער אַרמיי אַרבייטסלאָזע?

יאָ, זיי האָבען אַן ענטפער. אַלס טרייע איבערגעגעבענע זין פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי, וואָס שעפּען זייער חכמה פון דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער פילאָזאָפיע פון די האַרדינגס און פון די קולידזשעס, זאָגען זיי, אַז די רעגירונג זאָל זיך ניט מישען אין ביזנעס און דעמאָלט וועט שוין אַלץ רעכט ווערען. אָבער האָבען אָט די קולידזש חכמים פאַרגעסען, אַז די גרעסטע אַרבייטסלאָזע אַרמיי איז אויסגעוואַקסען אונטער אַ רעפּובליקאַנער אַדמיניסטראַציע, וואָס האָט זיך איינגאַנצען ניט געמישט אין ביזנעס און איז געגאַנגען אין דעם וועג וואָס מעטיו וואָל און האַטשינסאָן ווייזען אָן? און ווייסען זיי גאָר ניט, אַז די אַרבייטסלאָזע אַרמיי, וואָס רוזוועלט האָט געקראָגען בירושה פון האָאווער'ן, ווען ער האָט איבערגענומען דעם פּרעזידענט אַמט, איז געווען אַ סך גרעסער, ווי זי איז היינט? זאָלען אָט די קולידזש חכמים אַ בלעטער טאָן די זשורנאַלען פון יאָר 1932, אפילו זייערע אייגענע זשורנאַלען און זיי וועלען אויסגעפינען, אויב זייער זכרון איז אַזאַ קורצער, אַז די צאָל פון די אַרבייטסלאָזע איז אין יענער צייט געשאַצט געוואָרען אַזוי הויך ווי 17 מיליאָן און נאָך העכער. ווייניגסטענס דאַרפען זיי דאָך געדענקען, אַז די גאַנצע קאַפּיטאַליסטישע סיסטעם, אין וועלכער זיי זיינען אַזוי פאַרליבט, האָט געהאַלטען אין יענער צייט ביים צוזאַמענברעכען און די באַלעבאַטים זיינען געווען אַזוי צעשראָקען, אַז די סיסטעם זאָל ניט אַראָפּפאַלען אויף זייערע קעפּ, אַז זיי האָבען רוזוועלט'ן געגעבען אַ פרייע האַנט צו טאָן וואָס ער וויל, אַבי ער זאָל נאָר ראַטעווען. ערשט, ווען די געפאַר איז פאַראיבער און זיי האָבען אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם האָבען זיי חרטה געקראָגען, וואָס זיי האָבען רוזוועלט'ן געגעבען אַזאַ פרייע האַנט.

און מעטיו וואָל און האַטשינסאָן מיט זייערע חברים דאַרפען, דאַכט זיך, אויך געדענקען די לאַנגע, אומענדליכע „ברעד לאַינס”, וואָס די רעפּובליקאַנער אַדמיניסטראַציע פון האָאווער'ן האָט איבערגעלאָזען אין ירושה רוזוועלט'ן, מיט די זייער אָריגינעלע „שטעט”, וואָס די אַרבייטסלאָזע האָבען אויסגעבויט אין פאַרשידענע ערטער פון הילצערנע קעסטלאַך, שטיקער בלעך, טאָוועל פּאַפּיר און ענליכע מאַטעריאַלען, וואָס זיי האָבען געקענט אויפקלייבען. אַזאַ „שטאָט” איז אויסגעבויט געוואָרען ביי דעם ניו יאָרקער ברעג פון הודסאָן. זי האָט זיך אפשר ניט געקענט פאַרגלייכען מיט דער באַרימטער „שטאָט”, וואָס די אַרבייטסלאָזע האָבען אויסגעבויט ביי דער באַן־ליניע אין פּיטסבורג, אָבער די ניו יאָרקער צייטונגען האָבען איר געפונען פאַר גענוג אָריגינעל איך גאַנץ אויספירליך צו באַשרייבען.

און האָבען מעטיו וואָל און האַטשינסאָן פאַרגעסען די גרויסע אַרמיי „ערפאָלגרייכע” עפּעל־פּעדלער און סתם אַזוי גאַסען פּעדלער, מיט וועלכע די אַרבייטסלאָזע האָבען פאַרפלייצט ניו יאָרק? איך קען נאָך היינט ניט באַגרייפען פון וואַנען עס האָבען זיך גענומען אַזוי פיל עפּעל פאַר דער ריזיגער אַרמיי אַרבייטסלאָזע, וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזען פאַרקויפען עפּעל אין די גאַסען. און ווער האָט געקענט אויסציילען די צאָל גאַסען בעטלער? זיי זיינען דאָך געווען אויף יעדען שריט און טריט. עס איז נאָך געווען אַ גליק, וואָס זיי זיינען געווען באַשיידען און האָבען פיל ניט פאַרלאַנגט. אין די גוטע יאָרען פלעגט אַ גאַסען בעטלער אייך באַגעגענען מיט די ווערטער „קען יו בראַדזהער ספּער אַ דיים”? און ווען איינער האָט שוין אַראָפּגעלאָזען פון פרייז איז עס געווען אַ ניקעל. די גאַסען־בעטלער וואָס האָאווער האָט אָבער איבערגעלאָזען, האָבען זיך באַנוגענט מיט אַ פּעני. זיי פלעגען אייך אַליין העלפען, אַז איר זאָלט זיך ניט פילען אומאָנגענעם צו געבען אַזאַ קליינע נדבה. זיי פלעגען אייך זאָגען: מיר ווייסען, אַז די צייט איז אַ שלעכטע און אַז מענשען קענען היינט פיל ניט געבען.

אַלס אַרבייטער פירער האָבען עס מעטיו וואָל און האַטשינסאָן, דאַכט זיך, געדאַרפט געדענקען.

איז עס אָבער די מעשה, אַז די צען יוניאָן פּרעזידענטען, וואָס האָבען אין זייער ערקלערונג פאַרדאַמט רוזוועלט'ס ניו דיל, זיינען פריער ווי אַלץ געטרייע זין פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי און אַזוי ווי עס איז איצט ערב די וואַלען פון אַ פּרעזידענט, טוען זיי, וואָס זיי קענען צו העלפען זייער פּאַרטיי. האַטשינסאָן האָט געטאָן דאָס זעלביגע אין יאָר 1936. ער האָט געאַרבייט פאַר לענדאָנ'ען. זיין אָפיציעלער אַמט אין דעם וואַל־קאַמף דעמאָלט איז געווען צוצושטעלען די שטימען פון די אַרבייטער פאַר דעם רעפּובליקאַנער קאַנדידאַט. לענדאָן האָט אָבער צו שפּעט ערפאַרען, אַז ער האָט אויסגעקליבען ניט דעם ריכטיגען מענשען, וואָס קען קריגען פאַר אים די שטימען פון די אַרבייטער.

* * *

אויך דזשאָהן לואיס, אַן אַמאָליגער פּאַרטיי חבר פון ביל האַטשינסאָן אין די צייטען פון האַרדינג און קולידזש, האָט טענות צו פּרעזידענט רוזוועלט פאַרוואָס ער האָט ניט באַזאָרגט מיט אַרבייט די צען מיליאָן אַרבייטסלאָזע. נאָר אין דער צייט וואָס מעטיו וואָל און ביל האַטשינסאָן מאַכען אין דעם שולדיג רוזוועלט'ס ניו דיל, באַשולדיגט דזשאָהן לואיס רוזוועלט'ען, אַז ער האָט אין די לעצטע צוויי יאָר געגעבען צו ווייניג ניו דיל.

בין איך איינפאַרשטאַנען מיט לואיס'ן, אַז אין די לעצטע צוויי יאָר איז ווירקליך געגעבען געוואָרען צו ווייניג ניו דיל, אָבער עס איז ריינע דעמאַגאָגיע פון לואיס'ן צו באַשולדיגען אין דעם רוזוועלט'ן. לואיס ווייס אויסגעצייכענט, אַז עס איז געווען דער קאָנגרעס, וואָס האָט געטאָן אַלץ צו פּאַראַליזירען דעם ניו דיל. עס האָבען זיך פאַראייניגט אין קאָנגרעס די רעפּובליקאַנער חברים פון האַטשינסאָן און וואָל מיט די רעאַקציאָנערען פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און זיי האָבען געטאָן אַלץ וואָס מעגליך צו שטערען דעם ניו דיל.

אָבער וואָס האָט אייגענטליך דזשאָהן לואיס פאַרלאַנגט, אַז דער ניו־דיל זאָל טאָן צו באַזאָרגען די אַרבייטסלאָזע מיט אַרבייט?

דאָ קומט די גרעסטע דעמאַגאָגיע פון לואיס'ן. אין דער אמת האָט זיין פּלאַן וועגען די אַרבייטסלאָזע, וואָס ער האָט פאָרגעשלאָגען רוזוועלטן גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיטן ניו דיל. זיין פּלאַן איז געווען, אַז רוזוועלט זאָל צונויפרופען אַ קאָנפערענץ פון באַלעבאַטים און אַרבייטער. לואיס האָט ניט דערציילט די איינצעלהייטען פון זיין פּלאַן, אָבער עס איז זיך לייכט אָנצושטויסען, אַז דער צוועק פון דער קאָנפערענץ האָט געדאַרפט זיין צו באַאיינפלוסען די באַלעבאַטים, אַז זיי זאָלען פאַרגרעסערען די צאָל אַרבייטער אין זייערע אונטערנעמונגען. עס הייסט אַז זיי זאָלען פאַרגרעסערען זייער פּראָדוקציע. און עס פאַרשטייט זיך, אַז דערפאַר זאָלען זיי קריגען געוויסע קאָנצעסיעס, ווייל עס איז אַן אַלטער כלל, אַז ווען מען וויל עפּעס קריגען מוז מען עפּעס געבען.

רוזוועלטן, האָט לואיס'עס פּלאַן ניט פאַרכאַפּט. משמעות, אַז ער האָט פון דער ערפאַרונג וואָס ער האָט געהאַט מיט די באַלעבאַטים, געקראָגען די איבערצייגונג, אַז מען קען אין דעם פּרט פון זיי גאָרנישט קריגען. רוזוועלט האָט שוין געהאַט קאָנפערענצען מיט די באַלעבאַטים אַ סך פריער און ער האָט צו זיי אַפּעלירט, אַז זיי זאָלען זייערע אָנגעזאַמעלטע קאַפּיטאַלען ניט לאָזען ליגען „אַרבייטסלאָז”, אָבער זיי האָבען אים ניט געפאָלגט. די באַלעבאַטים ווייסען בעסער וואָס פאַר זיי איז גוט. זיי האָבען זיך אויסגעלערענט צו מאַכען גרויסע פּראָפיטען, באַשעפטיגענדיג ווייניגער אַרבייטער. עס זיינען נעמליך איצט פאַראַן גענוג אַרבייט־שפּאָרענדע מאַשינען און מען דאַרף ניט האָבען אַזוי פיל אַרבייטער ווי אַמאָל. מען קען היינט פּראָדוצירען מער מיט ווייניגער אַרבייטער, אין פאַרגלייך מיט אַמאָל.

און אָט דערפון שטאַמט לואיס'עס גרויסער כעס אויף רוזוועלט'ן. ער איז געקומען אין ווייסען הויז מיט אַזאַ „געניאַלען” פּלאַן ווי אָפּצושאַפען די אַרמיי פון אַרבייטסלאָזע און דער פּרעזידענט האָט אַרויסגעוויזען אַזוי ווייניג באַגייסטערונג פאַר אים, איז דאָס ניט אַ סקאַנדאַל? און אָט דעריבער האָט עס לואיס געלאָזען

וויסען גאַנץ אַמעריקע, אַז אויב רוזוועלט וועט זיין אַ קאַנדידאַט פאַר אַ דריטען טערמין וועט ער מיאוס דורכ־פאַלען.

•••

עס איז פאַראַן צווייווירקזאַמע מיטלען צו פאַרקלע־נערען די צאָל פון אַרבייטסלאָזע און דאָס איז, די פאַר־קירצונג פון אַרבייטס־טאָג און פון דער אַרבייטס־וואָך און, צווייטענס, אַ פאַרגרעסערטע מאָס פון עפענטליכע אַרבייטען און אַרבייטס־פּראָיעקטען פון דער רעגירונג.

אַרבייטער פירער, אַרבייטער עקאָנאָמיסטען האָבען שוין לאַנג קלאָר געמאַכט פאַר די אַרבייטער ווייניגסטען. אַז אַ קירצערער אַרבייטס־טאָג איז אַ העכסט ווירקזאַמער מיטעל צו געבען די אַרבייטסלאָזע אַ מעגליכקייט צו קריגען אַרבייט. די עקזעקוטיווע פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר האָט דעריבער אויך אויף דעם לעצטען מיטינג אין מיאַמי ווידערהאָלט די פאָדערונג פון אַ זעקס־שטונדיגען אַרבייטס־טאָג.

און עס ווערט טאַקע וואָס ווייטער אַלץ קלאָרער, אַז ווען פּריוואַט קאַפּיטאַל וויל ניט מאַכען קיין נייע אינ־וועסטמענטס און אַריינגיין אין נייע אונטערנעמונגען, מוז עס טאָן די רעגירונג, כדי די אַרבייטער זאָלען האָבען באַשעפטיגונג און די געזעלשאַפט זאָל קענען האָבען דעם בענעפיט פון די נייע אויסבעסערונגען און באַקוועמ־ליכקייטען, וואָס וועלען דורך דער דאָזיגער אַרבייט גע־שאַפען ווערען. מיר האָבען דעם ביישפּיל פון דער בוי־אינדוסטריע. פּריוואַט קאַפּיטאַל האָט ניט געוואָלט אַריינלייגען קיין געלט אין בויען הייזער, וואָס זאָלען זיין צוגעפּאַסט צו דער קעשענע פון דער אָרימערער באַ־פעלקערונג. עס האָט זיך פאַר פּריוואַט קאַפּיטאַל ניט געלוינט. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די בוי־אינ־דוסטריע האָט זיך געפונען ביז אַ גרויסער מאָס אין אַ שטילשטאַנד. איז געקומען די רעגירונג און האָט אָנ־געפאַנגען זיך פאַרנעמען מיט בויען הייזער. עס איז דערפון אַרויסגעקומען אַ דאָפּעלטער נוצען. ערשטענס האָבען אַ סך אַרבייטסלאָזע געקראָגען אַרבייט, צווייטענס האָבען אַ סך באַדערפטיגע געקראָגען גוטע, באַקוועמע וואוינונגען פאַר אַ ביליגען פּרייז.

אָבער מען דאַרף צוגעבען, אַז בידע זאַכען ווינען ניט לייכט דורכצופירען ווי לאַנג די אַמעריקאַנער אַר־בייטער זיינען ניט זעלבסטשטענדיג פּאָליטיש אָרגאַני־זירט, בפרט נאָך, ווען עס זיינען פאַראַן אַזעלכע אַרביי־טער פירער, וואָס בענקען נאָך קולידזש'ן.

•••

דוד דובינסקי איז אַמאָל געווען זעהר אַ גוטער, פּראָגרעסיווער און ערפאָלגרייכער פּרעזידענט פון דער אינטערנעשאָנאַל. ער איז דאָס נאָך געווען גאָר ניט לאַנג צוריק. אַט פּרובירט אַ זוך טאָן אין די בלעטער פון דער „פרייהייט" מיט אַ האַלב יאָר צוריק, איידער סטאַלין האָט נאָך געשלאָסען כאַווערשאַפט מיט היט־לער'ן און צעמענטירט מיט בלוט די פריינדשאַפט פון זיינע קאָמוניסטען מיט היטלערס נאַצים. איר וועט זעהן וואָסערע גרויסע שבחים ער קריגט דאָרטען.

אייגענטליך האָט ד. דובינסקי קיינמאָל ניט פאַר־דינט די שבחים, וואָס ער האָט געקראָגען פון די קאָמו־ניסטען. זיי זיינען געווען מיט אים, ווי מען זאָגט אין דער ליטע, אַדרבא ואדרבא און ער איז געווען מיט זיי קידער ווידער. אין דער צייט ווען זיי האָבען דער־צעהלט וואָס פאַר אַ גוטער און גרויסער פּרעזידענט ער איז, האָט ער זיי געזאָגט ווי שלעכט און ווי פאַר־דאָרבען זיי זיינען. אָבער די אַלע שלעכטע ווערטער, וואָס ער האָט זיי געזאָגט, האָבען אים ניט געהאָלפען, אַז זיי זאָלען אים אויפהערען ליבען. אויף צו קריגען זיך מוז מען האָבען אַ פּאָר, עס מוזען זיין צוויי צדדים, וואָס ווילען עס. איר קענט זיך אָבער ניט קריגען, ווען דער צווייטער צד וויל ניט. אפילו מיט דער אייגענער ווייב קען מען זיך ניט קריגען, ווען זי וויל ניט. און עס איז גראָד געווען די צייט, ווען די קאָמוניסטען האָ־בען זיך ניט געוואָלט קריגען. איר האָט זיי געקענט וואַרפען אַ געפּייניגטסטע קאַץ אין פּנים האָבען זיי גע־זאָגט „טהענק יו". זיי האָבען באַשלאָסען צו זיין קריסט־ליך און אונטערצושטעלען די רעכטע באַק, ווען מען האָט זיי גוט אויסגעפּאַטשט אין דער לינקער. דאָס איז אַלץ געווען צוליב דעם פאַראייניגטען פראָנט. דוד דובינסקי האָט איינמאָל אויף אַ מיטינג פון דושאָינט באָאַרד פון דער קלאָוקמאַכער יוניאָן געזאָגט מיט אַ פולען מויל, וואָס ער דענקט וועגען די קאָמוניסטען און ער איז געווען זיכער, אַז אויף מאָרגען וועט ער אין דער „פרייהייט" באַקומען די ריכטיגע פּאָרציע. אָבער ער האָט זיך פאַרטאַנצט. אין דער „פרייהייט" איז איבער־געגעבען געוואָרען אויף אַ גאַנץ פריינדליכען אופן דער אַלגעמיינער אינהאַלט פון זיין רעדע מיט אַ באַמערקונג,

אַז אין דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט וועגען די קאָמוניס־טען, האָט ער געמאַכט אַ טעות. איך האָב אים פריער געזאָגט, אַז אַזוי וועט עס זיין. עס איז געווען אין די האָציג חדשים פון דער פאַראייניגטער פּראָנט טאַקטיק, ווען די קאָמוניסטען זיינען געווען זיס ווי לאַקריץ. עס איז איינפאַך געווען פּריקרע פון זייער זיסקייט.

נאָר יענע זיסע טעג זיינען פאַריבער. זיי האָבען זיך געענדיגט אין דעם טאָג ווען סטאַלין האָט זיך ארומגענומען מיט היטלער'ן און האָבען זיך ערקלערט פאַר פריינד. איצט איז ד. דובינסקי זעהר אַ שלעכטער פּרעזידענט. דער ערגסטער וואָס איז נאָר פאַראַן. ער איז אַפילו געוואָרען אַ ווייסער גוואַרדייער דעם טיטול האָט ער זיך איינגעקויפט פאַר די פינף טויזענט דאָלאַר וואָס די אינטערנעשאָנאַל האָט געגעבען פאַר דעם אומ־גליקליכען פינישען פאָלק, נאָכדעם ווי סטאַלין איז אַזוי פאַררעטעריש און נידערטרעכטיג באַפאַלען דאָס פרייע, דעמאָקראַטישע לאַנד פון די פינען.

איך בין אָבער זיכער, אַז ד. דובינסקי פילט זיך איצט אַ סך בעסער, ווען די קאָמוניסטען זידלען אים, ווי פריהער, ווען זיי האָבען אים געלויבט. ווען איינער ווערט געזידעלט פון די קאָמוניסטען, איז עס דער בעס־טער באַווייז, אַז ער האָט געטוהן טאַקע אַ גוטע זאַך. בפרט נאָך איצט ווען אין יעדען קאָמוניסט איז פאַראַן אַ שטיק היטלעריסט.

# די אַרבייטער און דער „ניו־דיל"

פון פּראָפעסאָר א. דוביצקי



דער קאַמף ארום דעם „ניו דיל" איז אין דעם איצטיגען מאָמענט געוואָרען דער צענטראַל־פּונקט אין דעם פּאָלי־טיש־געזעלשאַפטליכען ל ע ב ע ן פון אונזער לאַנד.

ארום דעם דאָזיגען קאַמף קאָנ־צענטרירט זיך די געשיכטליכע ענער־גיע — סיי פון זיינע אָנהענגער, סיי פון זיינע געגנער.

אַזוי ארום, באַקומט דער קאַמף פאַר און געגען דעם „ניו דיל" אַ גרעסערע און ברייטערע באַדייטונג ווי די באַדייטונג פון דעם „ניו דיל" גופא. עס איז שוין ניט מער — אָדער נאָר — אַ פראַגע וועגען דער פּאָזיטי־ווער אָדער נעגאַטיווער עקאָנאָמישער באַדייטונג פון דעם „ניו דיל". דער „ניו דיל" איז געוואָרען אַן אויסדרוק און סימבאָליזירט אַ געוויסע ריכטונג אין דעם פּאָלי־טיש־געזעלשאַפטליכען לעבען פון אונזער לאַנד. די, וואָס קעמפען געגען דעם „ניו דיל", קעמפען געגען אַלץ, וואָס דער „ניו דיל" סימבאָליזירט. דער קאַמף געגען דעם „ניו דיל" איז אַן אָפענע מאָביליזאַציע פון אַלע רעאַקציאָנערע כחות אין לאַנד, וואָס אין פאַל פון אַ דערפאָלג קען ווייט אַריבערשטייגען אין זיין באַדייטונג דאָס, וואָס אונטער אַנדערע אומשטענדען וואָלט געווען ניט מער, ווי אַ פּשוטער דורכפאַל פון דער היינטיגער אַדמיניסטראַציע דורכצופירען אַ געוויסע עקאָנאָמישע פּאָליטיק.

די דאָזיגע עקאָנאָמישע פּאָליטיק פון דעם „ניו דיל" איז פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין עקזיסטענץ ניט שטענדיג געווען איינגאַנצען אויסגעהאַלטען. גראָד פאַר־קערט, די דאָזיגע עקאָנאָמישע פּאָליטיק איז כאַראַקטע־ריסטיש מיט אַ גרויסער צאָל וואַקלענישען און איז ווייט פון זיין אויסגעהאַלטען און דורכפירען אַ באַשטימטע, אין מאָל פאַר אַלע מאָל אָנגענומענע ליניע. ניט קוקענ־דיג אויף דעם, איז די פּראָגרעסיווע באַדייטונג פון דעם „ניו דיל" און זיין אַלגעמיין פּראָגרעסיווע ראָל און ווירקונג אומבאַשטרייטבאַר. און טאַקע דערפאַר ווערט אַ מעכטיגע פּראָפּאַגאַנדע אויף אַ גראַנדיעזען מאַסשטאַב אָנגעפירט איבער'ן גאַנצען לאַנד געגען דעם „ניו דיל". און ניט נאָר געגען דעם „ניו דיל", נאָר געגען יעט־ווידערען מער אָדער ווייניגער פּראָגרעסיווען געדאַנק, וואָס זאָל וואו ניט איז, פון וועמען ניט איז און אין דער מילדעסטער פאָרם אַרויסגעזאָגט ווערען. אַ מעכטיגער פּראָפּאַגאַנדע־אַפּאַראַט אַרבייט איצט געגען רוזוועלט'ן און זיין אַדמיניסטראַציע. דער גאַנצער רעאַקציאָנערער לאַ־גער פון לאַנד מאָביליזירט זיין פּאָליטישען איינפלוס געגען דעם „ניו דיל". געגען דעם „ניו דיל" איבען אויס אַ געוואַלדיגען דרוק מעכטיגע עקאָנאָמישע אינטע־רעסען פון לאַנד, וואָס קאָנצענטרירען אין זייערע הענט געוואַלדיגע קאַפּיטאַלען. זיי האָבען מורא אָנצוּווערען זייער מאַכט. זיי האָבען מורא זייער מאַכט זאָל זיך ניט ווי עס איז אַרויסגליטשען פון זייערע הענט.

פון דעם איז קלאָר, אַז די פּראָגרעסיווע געזעל־שאַפטליכע מיינונג פון לאַנד דאַרף שטיצען דעם „ניו דיל", אָפּגעזעהן פון זיינע געוויסע חסרונות און אָפּגעזעהן פון דעם, וואָס דער „ניו דיל" איז ווייט פון צו זיין פאָלקאָם.

דערפון איז אויך קלאָר, אַז די אַמעריקאַנער אַר־בייטער און טרייד־יוניאָן באַוועגונג דאַרף אַרויסטרעטען אין גאַנצען פאַראייניגט און שטיצען דעם „ניו דיל". ווייל — צוריק גערעדט — אויב דער „ניו דיל" איז ניט גענוג אָגרעסיוו און אויסגעהאַלטען ביים דורכפירען זיין פּראָגראַם, איז דאָס טיילווייז טאַקע צוליב דער טראַ־גישער שפּאַלטונג אין די רייען פון דעם אָרגאַניזירטען אַרבייטער־קלאַס. ווען די אַמעריקאַנער טרייד־יוניאָן באַוועגונג איז צוטיילט אין צוויי פיינדלאַכע און קריגע־רישע לאַגערען, ווערט, פאַרשטייט זיך, די פּאָליטישע ווירקונג פון דער גאַנצער באַוועגונג מורא'דיג אָפּגע־שוואַכט. אין די קומענדיגע פּרעזידענט־וואַלען וואָלט געווען באַזונדערס וויכטיג די אַמעריקאַנער אַרבייטער־שאַפט זאָל אויפטרעטען פאַראייניגט, ווייל נאָר דעמאָלט וואָלטען די אַמעריקאַנער אַרבייטער געקענט באַווירקען דעם אויסגאַנג פון די וואַלען — אין דער אמת'ער פּראָ־פּאָרציע צו זייער צאָל און אין דער אמת'ער פּראָפּאָרציע צו זייער עקאָנאָמישער ראָלע אין לאַנד.

די שטימען פון נאָענט 10 מיליאָן אָרגאַניזירטע אַרבייטער קען אַריבערוועגען דעם וואָג־שאָל. מיט אַזאַ צאָל שטימען מוז מען זיך רעכענען. ווען אַזאַ צאָל שטימען טרעט אַרויס פאַראייניגט, דעמאָלט וואָלט די אָרגאַניזירטע אַמעריקאַנער אַרבייטערשאַפט פאַרגעשטעלט מיט זיך אַ כוח, וואָס איז ניט מעגליך צו איגנאָרירען. באַזונדערס, ווען צווישען די בידע דאָמינירענדע פּאַר־טייען הערשט באַשיינפּערליך אַ געוואַלדיגע אומאייניגקייט. נאָר אַנשטאָט דעם האַלט לואיס אַ רעדע אויף דער קאָנ־ווענשאָן פון די מיינערס, אין וועלכער ער אַטאַקירט רוזוועלט'ן און זיין אַדמיניסטראַציע. לואיס סטראַשעט, אַז די איצטיגע „ניו דיל" אַדמיניסטראַציע קען ניט דערוואַרטען פון די מיינערס און פון דער „סי. אַי. אָ." אירגענד וועלכע מאָראַלע אָדער פינאַנציעלע שטיצע אין דעם קומענדיגען פּרעזידענטען־קאַמפּיין. ער האָט אַפילו פאָראויסגעזאָגט, אַז אויב רוזוועלט וועט אָננעמען די נאָמינאַציע פאַר אַ דריטען טערמין, וועט ער זיכער דורכ־פאַלען.

פון דער אַנדערער זייט האָבען צוויי באַוואוסטע פירער פון דער אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר, צווישען זיי מעטיו וואָל און וויליאַם האַטשעסאָן, פאַרעפענטליכט אַ דעקלאַראַציע, באַשולדיגענדיג דעם „ניו דיל" אין פול־שטענדיגער אומפעאיגקייט צו לייזען די עקאָנאָמישע פּראָבלעמען פון לאַנד. די דעקלאַראַציע באַשולדיגט דעם „ניו דיל" אפילו אין דעם, אַז ער האָט צעשפּאַלטען די אַמעריקאַנער אַרבייטערשאַפט אין צוויי קעמפענדע לאַ־גערס.

די דעקלאַראַציע ווערט אָנגערופען: „אַן איבער־בליק פון זיבען־יאָריגע עקספּערימענטען דורך געזעצ־געבונג, אויטאָריטעט און אַדמיניסטרירען".

מען מוז זאָגען, אַז די דאָזיגע דעקלאַראַציע גייט פיל ווייטער ווי דער אַפּיל, וואָס דער „עקזעקוטיוו קאָונסיל" פון דער „אַמעריקען פעדערײשאָן אָוו לייבאָר" האָט אָנגענומען אויף זיין קאָנווענשאָן אין מיאַמי, פלאָ־רידאַ, אין וועלכען ער פאָדערט, אַז די רוזוועלט־אַדמי־ניסטראַציע זאָל געבען ביזנעס אַ מעגליכקייט אָפּצוכאַפּען דעם אָטעם („אַ ברידזינג ספּעל"), אום אויף אַזאַ אופן איינצושטעלען צוטרוי מיט דעם צוועק צו לייזען די אַרבייטסלאָזיגקייט־פּראָגראַם.

די דעקלאַראַציע פאָדערט אויף דעם אַמעריקאַנער פאָלק אָנצוערקענען די אָנקומענדיגע געפאַרען, זיך צו פאַראייניגען אין אַן אַלגעמיינעם פאַרזוך צו ראַטעווען דאָס לאַנד פון אַן עקאָנאָמישער קאַטאַסטראָפע און צו שאַפען נייע מעגליכקייטען פאַר אַמעריקאַנער פון דעם היינטיגען און פון דעם מאָרגענדיגען טאָג.

עס וואָלט געווען גענוג אָנצואווייזען, אַז מר. האַטשעסאָן איז געווען דער פאָרזיצער פון דעם אַזוי גע־רופענעם „אַרבייטער קאָמיטעט" פאַר דעם רעפּובליקאַ־נער קאַמפּיין אין יאָר 1936, אום שטאַרק צו קאָמפּראָ־מעטירען די גאַנצע דעקלאַראַציע. וואָרים דער דאָזיגער פאַקט רעדט פאַר זיך אַליין.

אויב דאָס זאָל ניט זיין גענוג איבערצייגענד, איז

דאָך אָבער באַשײנפּערליך קלאָר, אַז די רעפּובליקאַנער פּאַרטײ איז געװען שטאַרק פּאַראינטערעסירט אין אַזאַ מין דעקלאַראַציע. דער רעפּובליקאַנער קאַמפּײן־אַפּאַראַט האָט באַלד אויפ'ן צװײטען טאָג אויפגעכאַפּט די דעקלאַראַציע און נוצט זי אויס פאַר איר פּראָפּאַגאַנדע. אײנער פון די מעגליכע פּרעזידענט־קאַנדידאַטען פאַר דער רעפּובליקאַנער פּאַרטײ, דיסטריקט אַטוירני טאָמאַס דיואי, האָט אין זײן רעדע אין פּאָרטלאַנד, דעם 13טען פעברואַר, אויף זעהר אַ געשיקטען אופן ציטירט די דעקלאַראַציע און זיך באַרופענדיג צו גלײכער צײט אויף דער רעזאָלוציע פון דעם עקזעקוטיװ קאָונסיל פון דער „אַמעריקען פעדערײשאָן אָװ לײבאָר" געזוכט צו מאַכען דעם אײנדרוק, אַז די דעקלאַראַציע דריקט אויס דעם שטאַנדפּונקט פון דער גאַנצער אַמעריקען פעדערײשאָן.

זיך אָפּשטעלענדיג באַזונדערס אויף דעם ארויסטריט פון דזשאָן לואיס, דערקלערט פּאַטעטיש טאָמאַס דיואי: „די דאָזיגע דערקלערונג איז געמאַכט געװאָרען ניט פון אַ ביזנעס־מאַן, די דאָזיגע דערקלערונג איז געמאַכט געװאָרען ניט פון אַ רעפּובליקאַנער, נאָר פון אַ מענשען, װאָס האָט אַלײן דערמוטיגט דעם „ניו דיל", פון אַ מענשען, װאָס האָט אַלײן בײגעטראָגען אַ האַלב מיליאָן דאָלאַר פון יוניאָן־מיטגלידער אָפּצאָלונגען צו שטיצען דעם „ניו דיל". די דאָזיגע דערקלערונג איז געמאַכט געװאָרען פון דזשאָן לואיס — דעם פירער פון דער „סי. אײ. אָ." די פּאָליטיק פון דעם „ניו דיל" איז אַ דורכפאַל אויף דעם, װײניגסטענס, האָבען זיך גאָאײניגט בײדע אַרבײטער־פּאַרלאַמענטען".

אַזאַ בײטראָג צו דעם קאַמפּײן פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטײ איז װערט אַ סך מער װי אַ האַלב מיליאָן דאָלאַר.

דער „ניו דיל", — זאָגט די דעקלאַראַציע, — האָט ארויסגערופען אַ גוואַלדיג גרויסען מאַטעריעלען שאָדען און פאַראורזאַכט מורא'דיגע לײדען צװישען די ברײטסטע שיכטען פון אַמעריקאַנער פאָלק. עס באַקומט זיך דער אײנדרוק, אַז די אײנציגע אורזאַך פון די מאַטעריעלע און פיזישע לײדען פון די ברײטע אַמעריקאַנער מאַסען איז — דער „ניו דיל". װען ניט דער „ניו דיל" װאָלטען מיר ניט געליטען פון אַרבײטסלאָזיגקײט און פון אַלע אַנדערע איבלען, מיט װעלכע מיר זײנען געבענשט אין דער איצטיגער צײט. דער „ניו דיל" עקספּערימענטירט מיט די לעבענס און מיט דעם גורל פון 130 מיליאָן אַמעריקאַנער, איבער װעלכע ער האָט אײנגעשטעלט די אויבערהערשאַפט פון דער פעדעראַלער רעגירונג.

און דערפאַר באַהויפּטען די צען אַרבײטער־פירער, װאָס האָבען אונטערגעשריבען די דעקלאַראַציע, אַז צװישען אַלע שיכטען פון דער באַפעלקערונג הערשט אַ שרעקליכע מורא פאַר דער פאַרניכטונג פון יענע גרויסע פרײהײטען, אונטער װעלכע אַמעריקע האָט געלעבט אין משך פון די פאַרגאַנגענע 150 יאָר. און דערפאַר, װי עס שײנט, האָבען די דאָזיגע אַרבײטער־פירער אונטערגעטראָגען זײער בײטראָג צו דעם קאַמפּײן פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטײ, זײענדיג איבערצײגט, װי עס װײזט אויס, אַז נאָר מיט דעם זיג פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטײ אין די קומענדיגע װאַלען װעלען די גרויסע אַמעריקאַנער פרײהײטען זײן פולשטענדיג געזיכערט.

אויב עס האָט נאָך בײ װעמען געקענט זײן אַ װעלכער ניט איז צװײפעל, װאָס מען קען דערװאַרטען פון אַ זיג פון דער רעפּובליקאַנער פּאַרטײ, האָט גראָד איצט זײער פּראָגראַם־קאָמיטע פאַרעפענטליכט אַ פּלאַן פאַר אַ װאַל־פּלאַטפאָרם, װאָס איז צוגעגרײט געװאָרען צו פאַרהאַנדלען אויף דער קומענדיגער נאַציאָנאַלער פּאַרטײ־קאָנװענשאָן.

עס האָט זיך געפאָדערט צװײ יאָר פון ספּעציעלער אויספאָרשונגס־אַרבײט, אין װעלכער עס האָבען אָנטײל גענומען 200 פאָרשטײער פון פאַרשידענע טײלען פון לאַנד, אונטער דעם פאָרזיץ פון דר. גלען פראַנק, געװעזענעם פּרעזידענט פון דער אוניװערזיטעט אין װיסקאָנסין, אום צו פאַרעפענטליכען דעם דאָזיגען מערקװירדיגען דאָקומענט, װאָס אַנטהאַלט 33 טױזענט װערטער.

דאָס מערקװירדיגסטע אין דעם דאָזיגען דאָקומענט באַשטײט אין דעם, װאָס עס איז אינגאַנצען ניט מעגליך צו פאַרשטײן, צוליב װאָס 200 מענשען האָבען באַדאַרפט אַרײנטאָן צװײ יאָר שװערע האָרעװאַניע, אום צו פאַרעפענטליכען אַזעלכע טריװיאַלע חכמות. אַז דער אײנציגער װעג צו ראַטעװען דאָס לאַנד פון אַ קאַטאַסטראָפע איז פאַרקלענערען די מלוכה־אויסגאַבען אויף 20 פּראָצענט און באַלאַנסירען דעם בודזשעט אַרום דעם יאָר 1942, פאַרקלענערען די אויסגאַבען אויף רעליף און דער עיקר — אָפּשאַפען די צו הויכע אינדיװידועלע טעקסעס — אויף די רײכע, פאַרשטײט זיך — און אַלע טעקסעס אויף פּראָפיטען.

די דעקלאַראַציע רעדט אָבער ניט נאָר װעגען גרויסע אַמעריקאַנער פרײהײטען, נאָר אויך װעגען אַן אײגענאַרטיגער אַרבײטער־פילאָזאָפיע.

דורך לאַנגע יאָרען פון לײדען און אָנשטרענגונג, — זאָגט די דעקלאַראַציע, — האָט די אָרגאַניזירטע אַרבײטערשאַפט אַנטװיקעלט אַ פילאָזאָפיע, װי אַזוי אײנצושטעלען אינדוסטריעלע באַציאונגען. די דאָזיגע פילאָזאָפיע איז אַן אַמעריקאַנער פילאָזאָפיע. אונטער דער דאָזיגער פילאָזאָפיע האָט דער אַמעריקאַנער אַרבײטער שטענדיג געלעבט אין פּראָספּעריטי און דאָס גאַנצע לאַנד האָט געבליט. די דעקלאַראַציע דערצעהלט, אַז אין יאָר 1923 אויף דער יערליכער קאָנװענשאָן פון דער „אַמעריקען פעדערײשאָן אָװ לײבאָר" אונטער דעם פאָרזיץ פון סעמיועל גאָמפּערס איז אָנגענומען געװאָרען אַ נביאה'שע דעקלאַראַציע, אונטער דעם נאָמען: „אינדאַסטרי'ס מאַניפעסט דיוטי". דער תוך אירער באַשטײט אין אָנדערקענען דעם פּרינציפּ פון פולשטענדיגער פרײהײט פאַר דער אינדיװידועלער איניציאַטיװ — און געגען יעטװידער אַרײנמישונג פון דער מלוכה.

דער זעלביגער געדאַנק װערט באַשטעטיגט אין יאָר 1938, װען דער עקזעקוטיװ קאָונסיל פון דער „אַמעריקען פעדערײשאָן אָװ לײבאָר" נעמט אָן אַ רעזאָלוציע, אַז די לײזונג פון אַרבײטסלאָזיגקײט קען קומען נאָר דורך שאַפען אַרבײט־מעגליכקײטען אין פּריװאַטע אינדוסטריען.

די דאָזיגע פילאָזאָפיע װערט אַנטקעגענגעשטעלט דעם „ניו דיל", װאָס איז געגען דעם פּרינציפּ פון אומבאַשרײנקטער פרײהײט פון פּריװאַטער איניציאַטיװ. דער „ניו דיל" איז פאַר דעם פּרינציפּ פון מלוכה־רעגולירונג, אויב גלײך אין זײער באַרענעצטע ראַמען.

עס איז שװער צו פּאָלעמיזירען מיט דעם אינהאַלט פון דער דעקלאַראַציע שוין צוליב דעם אַלײן, װאָס די אָנגעגעבענע אַרגומענטען זײנען אַזוי שװאַך, אַז זײ װאַרפען זיך פּשוט אין די אויגען.

דערפאַר האָבען מיר זיך מער אָפּגעשטעלט אויף דעם אינהאַלט גופא פון דער דעקלאַראַציע, װײל די אַרגומענטען פון דעם דאָקומענט רײדען געגען זיך אַלײן. נאָר, װען די דעקלאַראַציע באַשטײט, אַז אירע אַרגומענטען זײנען באַגרינדעט אויף אַ געװיסער פילאָזאָפיע — און דערצו נאָך אויף אַ פילאָזאָפיע, װאָס די אָרגאַניזירטע אַרבײטערשאַפט האָט אַנטװיקעלט דורך לאַנגע יאָרען פון לײדען און אָנשטרענגונג — דעמאָלט איז עפּעס אַנדערש. מיר װעלען דאָ ניט אַרײנגײן אין דער פראַגע, װעלכע פילאָזאָפיע די אָרגאַניזירטע אַרבײטערשאַפט האָט טאָקע באמת אַנטװיקעלט דורך לאַנגע יאָרען פון לײדען און אָנשטרענגונג. מיר װעלען אויך איבערלאָזען דאָס אונטערשטרײכען, אַז די געלויבטע פילאָזאָפיע איז אַן אַמעריקאַנער פילאָזאָפיע. אויבגלײך, אַזאַ פאַרבײגײענדיגע אָנצוהערעניש, אַז אַ גוטע פילאָזאָפיע קען במילא זײן נאָר אַן אַמעריקאַנישע, איז גאַנץ סימפּאַטאַמאַטיש. אין אונזער פּאָליטישען זשאַרגאָן באַקומט לעצטענס דער אויסדרוק „עכטער אַמעריקאַניזם" אָדער „רײנער אַמעריקאַניזם" אַ גאַנץ באַשטימטען אינהאַלט. לאָמיר אָבער דערמאָנען די פּאַרטײדיגער פון דער דאָזיגער כלומרשט אידעאַלער, רײן און עכט אַמעריקאַנישער פילאָזאָפיע, צו װעלכע קאָנקרעטע עקאָנאָמישע רעזולטאַטען עס האָט דערפירט דאָס אָנװענדען פון אַזוינע שײן באַפּוצטע טעאָריעס אין אונזער זינדיגער טאָג־טעגליכער װירקליכקײט.

איך װעל אַפילו ניט פּרואװען אָפּשטרײטען די באַהויפּטונג, אַז „אונטער דער דאָזיגער פילאָזאָפיע האָט דער אַמעריקאַנער אַרבײטער שטענדיג געלעבט אין פּראָספּעריטי". זאָלען מיר די פאַרפאַסער פון דער דעקלאַראַציע מוחל זײן, װען איך װעל זאָגען, אַז די דאָזיגע באַהויפּטונג קען איך דערקלערען ניט מער װי אַ שײנע הויך־קלינגענדיגע מליצה. איך װעל מיר אויך דערלויבען אויסדריקען אַ חשד, אויב „דאָס גאַנצע לאַנד האָט" טאָקע באמת „שטענדיג געבליט". דאָס הײסט, אויב מען זאָל אונטער דעם באַגריף „דאָס גאַנצע לאַנד" טאָקע פאַרשטײן אַלע אײנװאוינער פון לאַנד און ניט נאָר אַ קלײן הײפעל.

און דאָס האָט טאָקע פּאַסירט, אַ דאַנק דעם פאַקט, װאָס דער פּרינציפּ פון פולשטענדיגער פרײהײט פאַר דער אינדיװידועלער איניציאַטיװ און געגען יעטװידער אַרײנמישונג פון דער מלוכה איז ניט נאָר געװען פאָלקאָם אָנדערקענט, נאָר דער דאָזיגער פּרינציפּ איז אומבאַשרײנקטבאַר געװאָרען דורכגעפירט אין לעבען.

װי אַ דירעקטער פּראַקטישער רעזולטאַט פון דער דאָזיגער „הויך אידעאַלער" און „רײן אַמעריקאַנישער" טעאָריע האָבען מיר בײ היינטיגען טאָג פאָלגענדע קאָנקרעטע סיטואַציע: 200 קאָרפּאָראַציעס, װעלכע שטעלען מיט זיך פאָר װײניגער װי אַ זיבען־הונדערטעל פון אײן (1) פּראָצענט פון דער גאַנצער צאָל קאָרפּאָראַציעס אין לאַנד, קאָנטראָלירען מער װי אַ העלפט פון דעם גאַנצען רײכטום אין אַמעריקע.

דער קאַפּיטאַל פון די דאָזיגע 200 קאָרפּאָראַציעס האָט אין יאָר 1909 באַטראָפען אַרום 26 ביליאָן דאָלאַר, אין יאָר 1919 — אַרום 44 ביליאָן, אין 1929 — אַרום 81 ביליאָן, און אין יאָר 1937 — רונדע 122 ביליאָן דאָלאַר. אין יאָר 1929 האָט זײער קאַפּיטאַל באַטראָפען כמעט 38 פּראָצענט פון דעם גאַנצען קאַפּיטאַל פון אַלע קאָרפּאָראַציעס אין לאַנד. דאָס איבעריגע איז געװען אין די הענט פון מער װי 300,000 קלײנע קאָמפּאַניס. איצט קאָנטראָלירען זײ מער װי אַ העלפט פון דעם דאָזיגען קאַפּיטאַל. עס איז דערצו אויסערגעװײנליך װיכטיג און אינטערעסאַנט צו אונטערשטרײכען, אַז די דערמאָנטע 200 קאָרפּאָראַציעס געפינען זיך פאַקטיש אין די הענט פון אַ קלײן הײפעל באַנקירען. דער מעכטיגסטער צװישען זײ איז דזש. פּ. מאָרגאַן ענד קאָ.

דאָס איז דער פּראַקטישער רעזולטאַט פון אָנװענדען דעם פּרינציפּ פון פולשטענדיגער פרײהײט פאַר דער אינדיװידועלער איניציאַטיװ

∴

דער „ניו דיל" איז געגען דעם פּרינציפּ פון אומבאַשרענקטער פרײהײט פון פּריװאַטער איניציאַטיװ. דער „ניו דיל" איז פאַר דעם פּרינציפּ פון מלוכה־רעגולירונג, אויבגלײך אין זײער באַגרעניצטע ראַמען.

פרעגט זיך: אין װאָס שטעקט מער געפאַר פאַר יענע גרויסע פרײהײטען, װעגען װעלכע עס זײנען אַזוי באַזאָרגט די צען אַרבײטער־פירער, װאָס האָבען אונטערשריבען די דעקלאַראַציע? אין דעם װאָס אַ קלײן הײפעל באַנקירען־פינאַנסיסטען קאָנטראָלירט פאַקטיש דעם גאַנצען רײכטום פון אַמעריקאַנער פאָלק.

דער „ניו דיל" דריקט אויס די טענדענץ צו באַקעמפען דעם אַלמעכטיגען אײנפלוס פון דעם קאָנצענטרירטען פינאַנץ־קאַפּיטאַל. פאַר דעם זײנען פאַראַן גענוג אינערליכע, פאַרבאָרגענע, אַזוי צו זאָגען אונטערערדישע, סאָציאַל־עקאָנאָמישע און אידעאָלאָגישע אורזאַכען. דאָס איז אַן אויסדרוק פון יענע אומפאַרמײדליכע װידערשפּרוכען אין דעם אינעװײניגסטען מעכאַניזם פון דעם הײנטיגען קאַפּיטאַליזם.

עס איז אַן אַנדער פראַגע, אויב דער „ניו דיל" קען זײן אימשטאַנד דעם דאָזיגען אײנפלוס צו באַקעמפען, אָבער זײנע באַמיהונגען דאַרפען אונטערשטיצט װערען, װײל ער מאַכט לײכטער דעם װײטערדיגען קאַמף פון אַרבײטער־קלאַס.

ש. ל. שמועלסאָן

## די שלאַנג

אַ פראַגע האָט דעם פוקס די שלאַנג געשטעלט:
„פאַרװאָס האָט פאַרט מיך פײנט אַזוי די װעלט?
איך װײס: מען שעלט אויך דיך
(דו רויבסט און טויטסט אויף יעדען שריט
און טריט)
דאָך װערסטו ניט אַזוי געהאַסט װי איך".

„איך טויט
פון נויט —
צוליב דאָס שטיקעל ברויט.
דאָך דו —
קוים ליגט נאָר ערגעץ־װאו
װאָס לעבעדיגס אין דרעמעל צי אין שלאָף,
שוין שלײכסטו, װי אַ שטראָף,
פּאַמעלאַך־שטיל זיך צו...
און ברענגסט פון װעלעך װײט
דעם טויט
אין אָנגעפּעקט און אין פּײן...
און זאָל דאָס זײן
אַ פוקס, אַ מענש, אַ בער,
אַ שעפּעלע אַן אומשולדיגס אַ גוטס —
אַ נפקא־מינה װער?
די גיפטיגקײט מיט דײן פּוס
אַזוי זיך פּתאום,
ניטאָ האָבענדיג דערפון דעם מינדסטען נוץ".

# דאָס וואונדערליכע ביכעל

(דערציילונג)

פון אָסיפּ דימאָוו.



אָס איז געווען מיט יאָרען צוריק אין דער צייט ווען — ווי פּלעכאַנאָוו האָט עס געזאָגט — „די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידייע האָט געשפּאַנט איבער רוסלאַנד פון זיך אַליין". די־דאָזיגע טעג זייַנען שוין לאַנג אַוועק. אַ סך וואַסער און נאָך מעהר בלוט איז אַוועקגעפלאָסן... ווי אַ ציגעל זיינען די אַריינגעקומען אין דעם גרויסען פונדאַמענט. אין דער שיינער געביידע וואָס רופט זיך:

— אַרבייטער באַוועגונג.

אומבאַמערקט באַשיידען ליגט דער ציגעל צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע ענליכע צו אים... זיין מיסיע איז פאַרענדיגט. ער קאָן זיך אויסרוהען. איבער, איבער אים זיינען פאַראַן אַנדערע ציגעל פון אַ נייעסטער קאָנסטרוקציע און איבער זיי, נאָך זיי וועלען קומען נאָך נייערע. די געביידע וואַקסט, די געביידע וועט וואַקסען. דאָס לעבען גייט ווייטער.

האָבען די באַשיידענע שטילע מענשען טאַקע אַזוי געטראַכט אין די דאָזיגע שוין לאַנג פאַרשוואונדענע צייטען? מיר קאָנען זיך רוהיג מאָלען אַז יאָ. אין אַנדערע ווערטער און אפשר אויך אין אַן אַנדערער שפּראַך. אָבער דער געדאַנק איז געווען דערזעלבער. דאָס געפיל פון אמת און גערעכטיגקייט ווייס נישט פון אַלטע און נייע צייטען. עס איז שטענדיג יונג, קיינמאָל נישט פאַרעלטערט. יעדענפאַלס האָבען זיי זיך איינגעפירט אַזוי.

♣

אַ קליין שטעטעלע אין דער: „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" — אין רוסלאַנד — דאָס הייסט אין דער געגענד „וואו אידען איז דערלויבט צו וואוינען" — ווי די אָפיציעלע רוסישע געזעצען האָבען דאָס פאָרמולירט מיט קאַנצעליאַרסקער ציניזם. און דאָ וואוינט מען טאַקע. אָרים, זייער אָרים, קוים „מאַכענדיג אַ לעבען", אַ רובעל אויף אַ שבת איז אַ סך געלד. אַ פאַרדינסט פון אַ פּאָר קאָפּיקעס אַ וואָך איז אַ געבענטשטע זאַך. שניידער, שוסטער, קליינע קרעמער, וואַסער־טרעגער, בעקערס, באַלמעלאָכעס — איינער לעבט פון צווייטען. די יוגענד אַהן אויסזיכטען, די אַלטע נידערגעשלאָגען, צודריקט. פון צייט צו צייט אַ פּאָגראָם, אַ מאָסעךמערדעריי, אַ מאָסעךרויבעריי און די „הויכע" אינטערעסען פון פּאָליטיק און ווייטער שלעפּט זיך דאָס גרויע לעבען, ווייטער לעבט דאָס שטעטעל פון טאָג צו טאָג, פון וואָך צו וואָך...

דאָס איז פון אויבען, פון אויסען. אָבער הינטער דעם אויג פון דעם פּריסטאַוו, פון דעם אוריאַדניק און דעם פּאָליציימייסטער — — —

— — — שפּאַנט איבער רוסלאַנד, איבער אַלע די שטעדט און שטעטלאַך די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידייע פון זיך אַליין.

דער פּאָליציימייסטער האָט עפּעס דערשמעקט. גאָר ניט אַזוי רוהיג און אַזוי גלאַט איז אַלצדינג ווי עס זעט אויס. עפּעס האָט זיך געביטען. עפּעס קומט פאָר — אָבער וואָס? ווי? ווער שאַפט אָט די אומרוהיגקייט? ווי אַזוי האָבען זיך פּלוצים אַריינגעדרונגען אין שטעטעל אָט די בראָשורען, די פאַרבאָטענע ביכלאַך, די אויסלענדישע ליטעראַטור?

מען זוכט חמץ. מען וויל אויסרייניגען די שטאָדט. די פּאָליציי לויפט אַרום. זוכט, שמעקט, פאָרשט אויס — אַלצדינג אומזיסט. אַ שווערע צייט!

אָט האָט מען שוין געמאַכט אַן „אָבּיסק" (אַ הויז־אונטערזוכונג) ביי דעם געוועזענעם שטודענט סירקין אויך...

מאַקס סירקין איז געקומען אין דעם שטעטעל מיט אַ יאָר צוריק. פאַרוואָס דווקא אַהער און נישט וואו אַנדערש האָט קיינער ניט פאַרשטאַנען. ער איז ניט געווען אַ היגער, נישט געהאַט דאָ קיין אייגענע, קיין פריינד... גלאַט געקומען פון פּעטערסבורג און פאַרבליבען דאָ. אַ יונגער שיינער מאַן מיט אַ וואַרים ווייכען בליק אין די שוואַרצע אויגען, האָט ער זיך זייער גיך געמאַכט באַליבט און יעדער איינער האָט אים געקענט און באַגריסט. ווי אַזוי האָט ער געלעבט? נו, געגעבען אַרלעקציעס, פאַרשטייט זיך. דאָס הייסט, געלערנט אַ פּריוואַט לעקציע פאַר רוסישער שפּראַך, מאַטעמאַטיק א. אַ. וו.

ס'זיינען געווען געטעג יונגע בחורים און מיידלעך, וואָס האָבען זיך געוואָלט לערנען. מ'האָט אים געצאָלט כאָטש נישט אַ סך — און דער וואָס האָט נישט געקאָנט צאָלען האָט באַקומען זיין הילף אומזיסט. נאָר פאַר־וואָס האָט ער פאַרלאָזען פּעטערסבורג? — דאָס האָט מען זייער גיך אויסגעפונען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזען, אַז נישט ער האָט פאַרלאָזען, נאָר אַז מען האָט אים געהייסען פאַרלאָזען. מען האָט אים „געבעטען", אַז ער זאָל אַרויסטרעטען פון אוניווערזיטעט וועגען זיין „פּאָליטישער טעטיגקייט". מיט איין וואָרט אַ „פּאָליטישער פאַרברעכער", אַ פיינד פון דער רוסישער רעגירונג, אַ סאָציאַליסט.

ס'איז געווען קלאָר אַז דער פּאָליציימייסטער פון דער שטאָדט האָט גאַנץ גוט געוואוסט וועגען דעם, ווייל פון דער ערשטער מינוט ווי אונזער מאַקס האָט זיך באַוויזען איז ער שוין געשטעלט געוואָרען אונטער דער אויפזיכט פון דער פּאָליציי. ווי נאָר וואָס האָט פּאַסירט האָט מען באַלד גערופען דעם סטודענט און אויסגעפרעגט אין דער פּאָליצייסקע אופּראַוולעניע. פאַר־וואָס פאַרלאַנגען די אַרבייטער פון בישקאָוויטש פאַבריק מען זאָל זיי צאָלען מער? די גאַנצע צייט נישט פאַרלאַנגט און פּלוצים — גיב מער!... וואָס מיינט עס? צו וואָס וועט עס פירען? ווי אַזוי זיינען זיי געקומען אויף דעם געדאַנק?

אינגאַנצען נאַריש איז דאָס נישט געווען, ווייל דער סטודענט סירקין האָט טאַקע יאָ געהאַט עפּעס צו טאָן מיט דער זאַך. דאָס האָט דער גאָספּאָדין פּאָליציימייסטער געקאָנט פאַרשטיין. נאָר כאַפּען אים און באַווייזען, אַז ס'איז טאַקע אַזוי, איז געווען שוין נישט אַזוי לייכט. דאָס איז דאָך געווען די גאַנצע זאַך: צו כאַפּען אים און באַשטראָפען אַזוי ווי דאָס געזעץ פאַרלאַנגט.

ווען די פּאָליציי האָט אויסגעפונען אַז אין שטאָדט האָט זיך פּלוצים געיאַוועט פאַרבאָטענע ליטעראַטור, איז דאָך געווען נישט מער ווי נאַטירליך צו באַשליסען, אַז דאָס איז סירקין'ס אַרבייט. וואָס־זשע אַנדערש, אַז נישט ער? וויפיל „בונטאָווטשיקעס" פאַרמאָגט עס אינגאַנצען די שטאָדט? מען וועט פּטור ווערען פון דעם איינעם וועט ווידער ווערען שטיל.

שפּעט אין דער נאַכט האָט סירקין אין זיין שלאָף דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. איין מאָל און נאָך אַמאָל און נאָך. ער האָט זיך אויפגעכאַפּט.

— ווער איז דאָס?

— אַ טעלעגראַם! — איז געווען דער ענטפער.

אַ סך אַזעלכע „טעלעגראַמען" זיינען אָפּגעטראָגען געוואָרען אין דער צייט אין רוסלאַנד. די יונגע לייט, וואָס זיינען געווען פאַרמישט אין פּאָליטיק האָבען שוין גוט געוואוסט וואָס די נאַכט־טעלעגראַם האָט געמיינט: אונטערזוכונג, אַרעסט, טיורמע, סיביר און אַמאָל נאָך מער. אָבער העלפען קאָן מען זיך נישט. מען מוז מאַכען אַן אַנשטעל אַז מען גלויבט און עפענען די טיר. שפּעטער, ווען די באַוועגונג האָט זיך צושפּרייט, האָט מען מאַנכעס מאָל באַגעגענט די „טעלעגראַמשטשיקעס" מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט. אָבער סירקין איז נאָך נישט געווען אַזוי ווייט.

— ער איז אַרויס פון זיין צימער און געטראָפען אויף דער טרעפּ דעם באַלעבאָס, דעם בלעכער קאַפּלאַן, וואָס האָט זיך שוין געפּאַרעט ביי דער טיר.

— איר וואַרט אויף אַ טעלעגראַם פון אימיצען?

— האָט מאַקס אים אַ פרעג געטאָן.

— ווי קום איך צו טעלעגראַמען? — האָט ער געענטפערט: ס'איז מסתמא פאַר אייך.

ס'איז טאַקע געווען פאַר דעם סטודענט. וועקס גאָראָדאָוואָיס מיט דעם פּריסטאַוו אין דער שפּיץ זיינען אַריינגעגאַנגען אין דער באַשיידענער קאַפּלאַנ'ס וואוינונג און באַלד אין סירקינ'ס צימער. מען האָט געזוכט אין יעדען ווינקעל, אין יעדער שאַפט. מען האָט אויפגעריסען די ברעטער פון דער פּאָדלאָגע, די ציגעל פון דעם אויווען, אַראָפּגעריסען די טאַפּעטען פון די ווענט. איבערגעקוקט דאָס בעטגעוואַנט. נאָר אַלצדינג אומזיסט. קיין שפּור פון חמץ.

— וואָס זוכט איר אייגענטליך? — האָט מאַקס געהאַלטען אין איין פרעגען און דערביי געשמייכעלט גוטמוטיג.

— מיר וועלען שוין געפינען דאָס, וואָס מיר זוכען, — האָט דער פּריסטאַוו געענטפערט רוהיג.

אָבער נאָך דריי שעה שווערער אַרבייט ווען אַלע זיינען שוין געווען מיד פון זוכען האָט ער אויסגעבורטשעט:

— וואו איז דאָס ביכעל?

— וואָס פאַר אַ ביכעל?

— איר ווייסט גאַנץ גוט וואָס איך מיין, — האָט זיך אָפּגערופען דער בייזער פּריסטאַוו. דאָס פאַרבאָטענע ביכעל פון אויסלאַנד. מיר ווייסען גאַנץ גוט, אַז איר האָט דאָס באַקומען. וואו איז דאָס?

— איר זעט דאָך, אַז איך האָב עס נישט, — האָט מאַקס רוהיג געזאָגט: איך האָב עס דאָך נישט פאַרשלונגען.

די פּאָליציי איז אַוועק מיט לידיגע הענט.

אין אָוונט ווען ס'איז געווען טונקעל האָט ער פאַרלאָזט זיין צימער און זיך געלאָזט גיין צו פרידמאַנ'ס בעקעריי.

די דאָזיגע בעקעריי איז געווען גוט באַקאַנט אין שטאָדט. פרידמאַנ'ס טאַטע האָט זי נאָך געהאַט. פון אָנפאַנג איז דאָס געווען נישט מער ווי אַ קליין שטיבעלע, וואו ס'האָבען געאַרבייט נישט מער ווי צוויי מענשען. שפּעטער האָט זי זיך פאַרגרעסערט, אויסגעוואַקסען. זי איז איבערגעטראָגען געווען אין אַ גרויסען קעלער מיט פינף פענסטער און אַ ברייטען, נידעריגען, אמת'ן באַק־אויווען אין דער עק. אַכט יונגע לייט און דריי מיידלאַך האָבען געאַרבייט אין דער דאָזיגער בעקעריי. עס איז נישט נאָר געווען אַ „שאַפּ". נאָר אַ פאַרקויף־שטעלע אויך. אַ מין קאָמבינאַציע פון אַ שאַפּ און אַ קראָם צוזאַמען. ווייל די זעמעל, ברויט, קוכען און בייגעל, וואָס די יונגע בעקערס האָבען פאַבריצירט, איז טאַקע באַלד און טאַקע אין דעם זעלבען פּלאַץ פאַרקויפט געוואָרען. מענשען פלעגען קומען, באַשטעלען וואָס זיי האָבען געדאַרפט און געוואַרט ביז דאָס פלעגט פאַרטיג ווערען. דערווייל פלעגט מען געמיטלאַך זיצען אויף דער גרויסער באַנק און רעדען צווישען זיך. קיינער האָט זיך נישט געאיילט אַוועקצוגיין. צו וואָס זיך איילען? דרויסען איז קאַלט ס'רעגענט, דאָ איז וואַרים. מ'קאָן אויך כאַפּען אַ דרעמעל ווען עס געלינגט. און דאָס העכסטע שוין אַז פון בעריל'ן, דעם יונגען בעקער. פאַרוואָס פון אים? ווייל ער האָט ליב געהאַט צו זינגען, בעת ער האָט געאַרבייט. דער בחור האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנגענעמע שטימע, אָבער גיי כאַפּ אַ דרעמעל ווען ער רופט זינגענדיג, פאַרשטייט זיך, צו גיין עפּעס וואו „וופּעריאָד" (פאָרווערטס). מאַנכע לידער האָט ער געזונגען, מוז מען זאָגען, וועלכע קיינער האָט פריהער זיי נישט געהערט. פון וואַנעט האָט ער זיי גענומען?

אמת, געזונגען האָט ער זיי נישט אויפן קול, און קיינמאָל נישט אויף דער גאַס... שייקע, אויך אַ בעקער, נאָר אַ מער ערנסטערער מענש פלעגט אים פון צייט צו צייט אָפּשטעלען.

— הער אויף, בעריל. וועסט נאָך כאַפּען אַ שוואַרצען סוף מיט דיין זינגען.

אויך חנה, די קליינע חנ'ודיגע נייטאָרקע, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט זיך אַריינכאַפּען אין דער בעקעריי, האָט אויך געבעטען בעריל'ן ער זאָל זיין פאָרזיכטיג. נו, ס'איז דאָך געווען מער ווי קלאָר, אַז די לידעלאַך זיינען טאַקע געווען „פאַרבאָטענע" און אַז מאַכען מיט די קאָנצערטען האָט מען נישט געטאָרט.

דער סטודענט איז אַריינגעקומען אין דער בעקעריי דורכגענעצט פון רעגען, אָבער מיט אַ צופרידענעם שמייכעל אויף זיין פּנים. אַ קלייניגקייט: ער האָט זיך דאָך אַרויסגעדרייט פון פּריסטאַוו'ס לאַפּעס. ווען מען געפינט ביי אים אָט דאָס ביכעלע וואָלט נישט גוט געווען, פאַסקודנע וואָלט געווען, קאָן מען זאָגען.

פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט גוט געוואוסט וועגען דער אונטערזוכונג. אָבער קיינער האָט דערפון נישט גערעדט. די פרעמדע מענשען, די אידענעס און עלטערע אידען, וואָס זיינען געזעסען אויף דער באַנק וואַרטענדיג אויף די בייגעל און קוכענס האָבען מאָדנע געקוקט אויף דעם סטודענט און געקרעכצט. אָבער בעריל, דער פריילעכער בחור, וועלכער איז אַנדערש געווען גאַנץ רוהיג האָט פּלוצים נישט מיר, נישט דיר אָנגע־

מאַגנען צו זינגען זיין „וופעריאַד". און שייקע האָט אונטערגעכאַפּט — נישט הויך און אפשר אויך נישט גאַנץ ריכטיג מוזיקאַליש — אָבער האָט אונטערגעכאַפּט...

דאָס איז געווען אַ מין באַגריסונג און אַ גליקוואונש און מאַקס האָט עס פֿאַרשטאַנען. זיין שמייכעל איז געוואָרן ברייטער און ער האָט אויסגערעדט:

— אַ גוט נאָוועגט. ס'רעגנט.

— זאָל שוין רעגענען אויף דעם וואָס איך ווייס — האָט דער „וופעריאַד"־זינגער געענטפֿערט.

וואָס וויל גאָספּאָדין סירקין? — האָט שייקע אַ פּרעג געטאָן.

— פּיער בייגעל.

— פּיער בייגעל? איר דאַרפֿט אַ ביסעל אָפּוואַרטן. איר זענט געקומען דער לעצטער — וועט איר אויך באַקומען דער לעצטער.

— נו, וועל איך אָפּוואַרטן, — האָט צוגעגעבן דער סטודענט: — דערווייל וועל איך זיך אויסטרוקענען.

— אויב אַזוי קומט נענטער צום אויוון.

איז עס אַזוי שווער אָפּצובאַקן פּיער בייגעל אין אַ בעקעריי וואו ס'זיינען פֿאַראַן עטליכע געניטע בעקער? געוויס נישט. אָבער מאַקס האָט געדאַרפֿט וואַרטן. ס'איז געווען קלאָר, אַז עפּעס שטעקט הינטער דעם. נישט אין די בייגעל איז עס געגאַנגען.

און מאַקס האָט טאַקע געוואַרט געדולדיג. געוואַרט ביז אַלע קויפֿערס זיינען אַוועקגעגאַנגען און ער איז געבליבן אַליין מיט די אַרבייטער. זיינע קליידער און דאָס סטודענטסקי היטעל זיינען געווען שוין טרוקען — און ער האָט זיך אָנגעפֿאַנגען צו פּילען נאָך מער צופֿרידען.

שייקע איז צוגעגאַנגען צו דער טיר און געוואָלט זי צושליסען. אין דעם מאָמענט איז אַריינגעלאָפֿען די שוואַרצינקע חנה. זי איז קיינמאָל נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפֿען, שטענדיג נישט געהאַט קיין צייט, גערעדט זיך, געמאַכט פֿינף זאַכען אין איין צייט.

— אַ גוטען אָוונט, סירקין. איך בין אַזוי צופֿרידען וואָס מען האָט אייך נישט געכאַפּט... עס כליפּעט, אַ שרעק... באַלד וועט זיין טיי ווער וויל טיי? אַלע ווילען. וואו זיינען די גלעזער? שייקע, רוק צו דעם טיש. הער אויף בערל, לאָז מיך אָפּ. — איר זענט הונגעריג, סירקין? וואו איז צוקער? אָט איז עס. טרינקט. און וואו איז דאָס ביכעל?

זי איז צוגעגאַנגען צו דעם באַק־אויוון, אַרויסגענומען פֿון דער זייט אַ ציגעל און — — —

— און אַרויסגעשלעפּט פֿון דעם לאָך דאָס ביכעל.

— דאָס אויסלענדישע פֿאַרבאָטענע ביכעל, וואָס דער פּריסטאַוו מיט די גאָראָדאָוואָיס האָבען דאָס געזוכט די גאַנצע נאַכט ביי סירקינ'ען אין הויז.

און באַלד איז געוואָרן שטיל אין דעם גרויסען וואַרימען קעלער. די בעקערס און די אַנדערע אַרביי־טער זיינען געזעסען ביים גרויסען טיש געטרונקען זייער טיי און צוגעהערט זיך צו דעם וואָס מאַקס האָט געלייענט צו זיי פֿון דעם ביכעל. זיין שטימע איז געווען אַן אָנגענעמע, אַ האַרציגע, געלייענט האָט ער פֿאַמע־לעך און פֿון צייט צו צייט זיך אָפּגעשטעלט און גע־פֿרעגט: איז עס קלאָר?

— קלאָר, קלאָר — האָט זיך אָפּגערופֿען חנה'לע: וואָס איז דאָ נישט צו פֿאַרשטיין? די אַרבייטער האָבען דאָס רעכט צו אָרגאַניזירען זיך און פֿאַרטיידיגען זייערע רעכט.

— נישט נאָר דאָס רעכט — די פֿליכט אויך, — האָט קאָרעגירט מאַקס.

שייקע האָט אויפֿגעהויבען זיין פֿינגער:

הערט איר דאָס? די פֿליכט! דאָס איז דאָס.

חנה האָט אַ כאַפּ געטאָן סירקינ'ס גלאָז און אַ לויף געטאָן צום אויוון:

— אָט גיב איך אייך נאָך אַ פֿריש גלאָז טיי. לייענט דערווייל, איך הער. די פֿליכט! ווייטער?

אָבער ווייטער צו לייענען איז שוין נישט אויס־געקומען. הינטער דער פֿאַרמאַכטער טיר אין קאָרידאָר האָבען זיך דערהערט שווערע טריט, אַזוי ווי עס וואָלטען געגאַנגען נישט איינער, נאָר מערערע מענשען, דערנאָך האָט אימיצער אַ קלאַפּ געטאָן אין דער טיר — נישט געבעטען — נאָר באַפֿוילען:

— עפֿענט!

— ווער איז דאָס?

— אַ טעלעגראַם. עפֿענט!

חנה האָט זיך געכאַפּט די ערשטע. זי האָט אַ שפּרונג געטאָן צו דעם ביכעל, אַרויסגעריסען עס פֿון סירקינ'ס הענט און געמאַכט אַ פֿאַרזוך צו — — —

אָבער אין דעם מאָמענט איז די טיר געווען אויפֿ־געריסען. דער פּריסטאַוו און פּיער גאָראָדאָוויע זיינען אַריין אין די בעקעריי.

— איר זענט דאָ, גאָספּאָדין סטודענט? — האָט דער פּריסטאַוו איראָניש באַגריסט סירקינ'ען:

— מיר האָבען זיך שוין לאַנג נישט געזען.

— איך בין געקומען קויפֿען ברויט, — האָט מאַקס זיך אָפּגערופֿען: איך קויף דאָ שטענדיג. ס'רעגענט — האָב איך זיך פֿאַרהאַלטען אַביסעלע.

— עס רעגענט — האָט אויך חנה געזאָגט זייער פֿריינדליך: — איר זענט גאַנץ נאַס פֿון רעגען, גאָס־פּאָדין פּריסטאַוו. טוט אויס אייער „שינעל" (איבער־ציהער). אַ נישט וועט איר זיך נאָך חלילה פֿאַרקילען. ערלויבט מיר אייך צו העלפֿען.

און נישט וואַרטענדיג אויף אַן ענטפֿער איז זי רוהיג צוגעגאַנגען צו דעם גרויזאַמען פּריסטאַוו און אָנ־געפֿאַנגען צו שלעפּען אים פֿאַר דעם אַרבעל.

— שוין גוט, שוין גוט, — האָט ער אַ בורטשע געטאָן. אָבער מען האָט געקאָנט זען, אַז ער איז געווען צופֿרידען. חנה האָט אים געהאָלפֿען אַרונטערציהען זיין שינעל.

— איך וועל עס אַוועקלייגען דאָ, נענטער צום אויוון, וועט עס גיכער אויסטריקענען, האָט זי פֿאַר־געשלאָגען.

אָבער דער פּריסטאַוו האָט זיך מער נישט צוגע־הערט. ער מיט זיינע 16 לייט זיינען שוין געווען פֿאַרנומען מיט זוכען. ס'איז געווען קלאָר אַז מען האָט נאָכגעפֿאָלגט סירקינ'ען און אַז ער האָט געמאַכט אַ גע־פֿערליכען טעות קומענדיג אַהער. איצט איז ער גע־שטאַנען אין ווינקעל, בלאַס, נידערגעשלאָגען און יעדע מינוט געוואַרט אַז אָט ווערט דאָס פֿאַרבאָטענע ביכעל אויפֿגעדעקט און — יאָ, וואָס דאַן? מען וועט אים אַרעסטירען, פֿאַרשטייט זיך. אָבער דאָס וואָלט נאָך געווען אַ האַלבע צרה. מען וועט צוזאַמען מיט אים אַריינוואַרפֿען אין טורמע אָט די גוטע, געטרייע יונגע לייט, וואָס שטייען אונטער זיין איינפֿלוס. שייקע און בערל און די חנ'ודיגע חנה, זיי זיינען דאָך פֿאַרפֿאַלען, פֿאַרלוירען. ווי אומפֿאַרזיכטיג איז דאָס געווען. ווי נאַריש איז געווען צו קומען אַהער און נישט זען אַז מען שפּיאָנירט אים נאָך. דאָס איז זיין שולד, ער האָט פֿאַרפֿירט די דאָזיגע אומשולדיגע מענשען! ער — נישט קיין אַנדערער.

די אונטערזוכונג איז ווייטער געגאַנגען און אַ מאָדנע זיך דאָס געפֿערליכע ביכעל האָט מען נאָך נישט גע־פֿונען. נאָר וואָס איז עס געווען דאָ אויף דעם טיש, ער אַליין האָט עס דאָך געהאַלטען אין זיינע הענט — וואָס־זשע קאָן עס זיין? יעדע זאַך אין שטוב איז שוין געווען איבערגעקוקט. יעדער מענש אַריינגערעכענט חנה, און דער סטודענט אַליין איז געווען אונטערזוכט — די פֿאַרבאָטענע אויסלענדישע בראָשורע איז פֿאַרשוואונ־דען אַזוי ווי אין וואַסער אַריין. [...]ס האָט נישט גע־קאָנט גלויבען זיינע אייגענע אויגען. אַ שטראַל פֿון האָפֿנונג איז אַריינגעדרונגען אין זיין האַרץ. ווער ווייס? אפשר וועט מען פֿאַרט נישט געפֿינען דאָס ביכעל... דאָס וואָלט געווען אַ וואונדער, פֿאַרשטייט זיך — אָבער זאָל זיין אַ וואונדער, אַבי צו ראַטעווען די מענשען... נישט זיך. די יונגע, גוטע פֿיינע מענשען, וואָס זוכען דעם אמת.

אַ גאַנצע שעה איז אַוועק און נאָך אַ שעה און נאָך... בערל האָט זיך פֿאַרגעסען אויף אַ מאָמענט און אָנגעפֿאַנגען צו זינגען — נישט דעם „וופעריאַד" — אָבער פֿאָרט זינגען.

— מאָלטשאַט! (שווייגען) — האָט באַפֿוילען דער פּריסטאַוו.

ער איז געווען אַזוי בייז ווי זעלטען אין זיין לעבען. ווידער גאָרנישט? ווידער קומען צום פּאָליציימייסטער מיט ליידיגע הענט?! ווידער זיך לעכערליך געמאַכט! ווייטער זוכען!

און מען האָט ווייטער געזוכט — ביז שפּעט אין דער טונקעלער נאַכט. קיין שפּור פֿון דעם ביכעל...

אַלץ גרינגער און גרינגער איז געוואָרען סירקינען אויף דעם האַרצען. ווי אַזוי עס זאָל נישט זיין איז דאָס אַ וואונדער אָדער אַ צופֿאַל, גאָט ווייס וואָס — נאָר דערווייל קאָן מען נאָך לעבען. נישט געפֿערליך. די טורמע איז ווייט — און סיביר נאָך ווייטער. ווי לאַנג די פּאָליציי האָט קיינע באַווייזען נישט — קאָן זי גאָרניט טאָן. און די באַווייזען — וואו זיינען זיי?

עס איז געווען שוין גאַנץ שפּעט ווען דער פּריס־טאַוו רויט פֿון אויפֿרעגונג און כעס האָט אויסגערעדט:

— גענוג, אַהיים גיין!

— קאָן איך אויך גיין? — האָט מאַקס אַ פֿרעג געטאָן.

— אפֿילו צום טייוועל. ווער לאָזט אייך דען ניט?

— אייער שינעל איז גאַנץ טרוקען, — האָט חנה געזאָגט, העלפֿענדיג דעם פּריסטאַוו אַריינקריכען אין זיין מאַנטעל.

— שוין גוט, שוין גוט... האָט ער ווידער אַ בור־טשע געטאָן: איך דאַרף קיין הילף נישט.

אָבער חנה האָט זיך געפֿילט פֿאַרפֿליכט צו זיין העפֿליך און פֿריינדליך צו אַן עלטערען מאַן און נישט אָפּגעשטאַנען פֿון אים ביז דער שינעל איז נישט גע־זעסען גלאַט אויף דעם פּריסטאַוו'ס פּלייצעס.

אַ מינוט שפּעטער האָט ער צוזאַמען מיט זיינע לייט פֿאַרלאָזען די בעקעריי, אָדער בעסער געזאָגט דאָס וואָס איז מיט אַ פּאָר שעה צוריק געווען אַ בעקעריי.

— נו? וואָס מיינט עס? וואו איז טאַקע דאָס...

— ששש — האָט חנה געוואָרענט.

זי האָט געעפֿענט די טיר און אַרויסגעקוקט אין קאָרידאָר כדי צו איבערצייגען זיך, אַז קיינער הערט זיך נישט צו. אַלע זיינען אַוועק. אָט איז דאָס ביכעל.

זי האָט עס געהאַלטען אין דער האַנט אַזוי ווי גאָרנישט וואָלט פֿאָרגעקומען. געהאַלטען עס רוהיג און געשמייכעלט.

— וואו... וואו־זשע איז דאָס געווען, חנה?! — האָט מאַקס אויסגערעדט, נישט גלויבענדיג זיינע אויגען.

— עס איז געווען ביים פּריסטאַוו, האָט זי געזאָגט.

— וואָס הייסט ביים פּריסטאַוו?

— יאָ, טאַקע ביי אים אַליין. נאָר ער האָט נישט געוואוסט פֿון דעם. ווען ער איז אַריין און איך האָב אים געהאָלפֿען אויסטאָן זיין שינעל האָב איך דאָס בי־כעל באַהאַלטענערהייט אַריינגעלייגט אין דער קעשענע און ווען איך האָב אים איצט געהאָלפֿען אָנטאָן דעם שינעל האָב איך ווידער עס אַרויסגענומען.

— אָבער... אָבער...

— וואָס אָבער? איך האָב דאָך געוואוסט, אַז ביי זיך אין זיין שינעל וועט ער נישט זוכען.

סירקין איז צוגעלאָפֿען צו איר און נישט רעדענדיג קיין וואָרט האָט ער איר אַ קוש געטאָן. זי איז געוואָרען רויט ווי אַ רויז און בערל, דער אייביג פֿריילוכער און גוטער בחור, איז פּלוצים געוואָרען גאַנץ בייז און האָט אָפּגעהאַקט:

— גענוג נאַרישקייטען. קושען זיך! גיב אַהער דאָס ביכעל...

ער איז צוגעגאַנגען צום אויוון, אַרויסגענומען דעם ציגעל און באַהאַלטען הינטער אים דאָס טייערע, דאָס אויסלענדישע ביכעל, וואָס קאָן באַווייזען וואונדער...

# כבוד

פֿון דוד מענעס

געפֿאַלען אַ בוים
אין וואַלד פֿון מאַשינען.
די צאָל ווערט ניט קלענער,
מיר וועבן און שפּינען.

מיר וועבען דיר, חבר,
פֿון פֿעדים אַ קראַנץ.
עס ווינען זיך אַלע
אין ריטמישען טאַנץ.

מיר שטעלן זיך אויף
און פֿון דער חיים
געבען דיר, חבר,
אַ מינוט פֿון דער צייט

וואָס אין אמת באַלאַנגט
צו גורל און שער,
אַ מינוט פֿאַר דיר, חבר,
מיר האָבען ניט מער...

# די ערשטע א



דער אָנהויב פון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג ביי אידען איז נאָך ווייט ניט אויסגעפאָרשט. אין די לעצטע 10 יאָר איז אפילו פאַרעפנטליכט געוואָרען אַ שפּאָר ביסעל מאַטעריאַל וועגען די „קרייזלאַך" און וועגען דעם פאַראיין אין לאָנדאָן און וועגען דער ווינער תקופה ליבערמאַנ'ס, אָבער צווישען ווילנע, לאָנדאָן, ווין געפינט זיך בערלין, וואו ס'האָט געלעבט און געווירקט אַ גרופּע אידישע סאָציאַליסטען און וואו ס'איז פאָרגעקומען דער באַקאַנטער „ניהיליסטען־פּראָצעס" (26טען אַפּריל 1879) ביי וועלכען מען האָט פאַר'משפּט א. ליבערמאַנ'ען, הערמאַן גורעוויטש און משה אַראָנסאָן וואָס באַטייט דער סוף פון דער טעטיגקייט פון דער גרופּע פון די ערשטע אידישע סאָציאַליסטען בכלל און פון ליבערמאַנ'ען בפרט. נאָכדעם ווי ער איז באַפרייט געוואָרען פון תפיסה האָט ער ביז צו זיין טויט קיין סך מער ניט אויפגעטאָן.

די בערלינער אָדער די דייטשע תקופה פון די ערשטע אידישע סאָציאַליסטען איז נאָך כמעט אַ פאַרשלאָסען בוך. אַביסעל ידיעות זיינען פאַראַן אין עדואַרד בערשטיינ'ס געשיכטע פון דער בערלינער אַרבייטער באַוועגונג און אין די זכרונות פון הערמאַן גורעוויטש און משה אַראָנסאָן (געשטאָרבען אין יאָר 1936 אין ניו יאָרק). אָבער די זכרונות זיינען געשריבען געוואָרען ניט גלייך לאחר המעשה נאָר מיט צענדליגער יאָרען שפּעטער, ווען זיי אַליין האָבען שוין געהאַט אַ סך פאַרגעסען, אָדער האָבען געקוקט אַנדערש אויפן גאַנצען עסק און האָבען זייערע זכרונות צוגעפּאַסט צו זייער נייעם שטאַנדפּונקט. אַראָנסאָן רעדט איבער דער צייט ווי איינער וואָס קוקט פון אויבען אַראָפּ און גורעוויטש איז זיך צום טייל סותר אין זיינע פאַרשיידענע מעמואַרען.

אָבער דער עיקר — האָבען דאָך אויך די באַשולדיגטע אַליין ניט געוואוסט אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען און וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן הינטער די קוליסען. זיי זיינען אַזוי צו זאָגען איין צד. אין דעם צד טונם אַנדערען צד — פון דער רעגירונג, וואָס וואָס זיך אויפגעהיט אין אַרכיוו, קען מען זען ניט נאָר די גאַנצע טייוועל־מאַשין, וואָס מ'האָט אַנגעשטעלט, כדי צו אינספּירירען דעם גאַנצען פּראָצעס, און די באַציהונגען צווישען דייטשלאַנד, עסטרייך און רוסלאַנד וואָס האָבען זיך געגענזייטיג געשטיצט ביים באַקעמפען די סאָציאַליסטען — נאָר מ'ווערט אויך געוואָר פּרטים פון דער טעטיגקייט פון איינצעלנע אידישע סאָציאַליסטען אָדער גרופּעס און אַזוי דערגאַנצט דער מאַטעריאַל וועזענטליך אונזערע ביז איצטיגע ידיעות וועגען די ערשטע סאָציאַליסטען.

.1

נאָכדעם ווי די פּאָליציי האָט סוף יוני 1875 אויפגעדעקט די עקזיסטענץ פונם רעוואָלוציאָנערען קרייז אין ווילנע, איז ליבערמאַן, וואָס איז גראָד ניט געווען אין דער היים, אַנטלאָפען קיין אויסלאַנד און איז איבער קעניגסבערג געקומען קיין בערלין. אין בערלין האָט זיך דעמאָלט קאָנצענטרירט אַ גרופּע פון אידישע סאָציאַליסטען וואָס זיינען אַהינגעקומען פון פאַרשידענע מקומות פון רוסלאַנד. ס'זיינען דאָרט געווען הערמאַן גורעוויטש, לעווענטאַל, שמעון לוריה (וואָס איז אַנטלאָפען פון תפיסה אין קיעוו), די 2 שוועסטער קאַמינער, וואָס זיינען געקומען פון קיעוו, די שוועסטער ראָטנער, פעשע שור, אליעזר צוקערמאַן, וואָס זיינען געקומען פון מאָהליעוו, און אַ חוץ דעם נאָך אַ פּאָר סטודענטען וואָס זיינען אַהינגעקומען אין פאַרשידענע צייטען. הערמאַן זאַק (1872), מאָטעלע ראַם פון ווילנע (1873), שמואל עליאַסבערג פון מינסק (1874) און אַנד. אַ חוץ ליבערמאַנ'ען זיינען פון ווילנע אַנטלאָפען קיין בערלין וולאַדימיר יאָכעלסאָן, אהרן זונדעלעוויטש און יואל עפרון. זונדעלעוויטש איז אפילו ניט לאַנג געבליבען אין בערלין און איז באַלד אַריבערגעפאָרען קיין קעניגסבערג וואו ער האָט צוזאַמען מיט שמואלען פינקעלשטיין געשמוגלט פאַרבאָטענע ליטעראַטור קיין רוסלאַנד; אָבער ער פלעגט אָפט קומען קיין בערלין און איז אַזוי געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער דאָרטיגער גרופּע. אויך ליבערמאַן איז דאָס מאָל ניט גע־

# ...ן אידישע סאַציאַליסטען

פון דר. ב. וויינריב.

לאנג אין בערלין; שוין סוף אויגוסט געפינט
אין לאנדאן. אבער ער האט אנגעקניפט פאר־
ן מיט דער בערלינער גרופע.
ס'זעט אויס, האט זיך די בערלינער גרופע
יירט אונטער דער השפעה פון די ווילנער און
עהויבן צו יענער צייט צו לעבן ווי א קא־
משה קאמינסקי, וואס איז געשטאנען נאענט
ידישע סאציאליסטען, איז געווען זומער 1875
לין און דערציילט אז די וואס זיינען אנטלאפען
לאנד האבן געלעבט אין איין וואוינונג און
עהאט א בשותפות'דיגע קאסע. א פאר סטו־
האבן געארבייט אין פאבריקען (לייזער צו־
האט געארבייט אין א זייפען־פאבריק) זיינען
אפגעריסען און האבן אויסגעזען פארשווארצט
גארעוועט. אין אווענט פלעגען זיך אלע פאר־
אין דער געמיינזאמער וואוינונג: עסען, שריי־
ענען, דיסקוטירען. די קאמונע ווערט אויך
רמאנט אין גורעוויטשעס'עס זכרונות און אין
בריוו וואס האבן זיך אויפגעהיט אין ארכיוו.
בריוו פון משה אראנסאן איז צו זען, אז די
האט עקזיסטירט ארום א יאר.
אזיגע ארגאניזירטע גרופע איז געווארען א
קט פאר ליבערמאנ'ען און זיין טעטיגקייט
ן און ווין (אויסגאבע פון „האמת"). ער איז
ן אין קארעספאנדענץ מיט א פאר פון דער
גרופע (יאכעלסאן, גורעוויטש און אנד.) האט
שיקט די רעוואלוציאנערע ליטעראטור וואס ער
דרוקט און אויפגעפאדערט זיי צו טעטיגקייט
.
עם ווי ער האט געגרינדעט אין לאנדאן דעם
סאציאליסטישען פאראיין און האט אין יאנואר
געדרוקט דעם באקאנטען סטאטוס וועגען די
סעקציעס פונם סאציאליסטישען פארבאנד האט
צוגעשיקט קיין בערלין און אויפגעפאדערט, אז
ינער גרופע זאל זיך דערקלערען ווי א „סעק־
ין א בריוו פונם 17טען פעברואר 1876 קיין
שרייבט ער: „איך צווייפעל ניט, אז מיין
האט דיר באוויזען די בראשור וואס איך האב
בען און אפגעדרוקט וועגען דעם שטארקען
וס איך האב אנגעהויבען גרינדען צווישען די
ישראל... איז שוין געווען ביי אייך אין בער־
פארזאמלונג פון די מיטגלידער פון אונזער
וועןץ? וואס האט איר באשלאסען און גענומען
צו טאן דארטען?..." א פאר וואכען שפע־
יבט אים גורעוויטש א בריוו — שפעטער אגב
ביי ליבערמאנ'ען און געדינט אלס מאטעריאל
ם פראצעס — פון וואנען ס'זעט אויס, אז די
ר גרופע האט זיך באטראכט אלס א ריכטיגע
" און האט זיך באצויגען צו ליבערמאנ'ען ווי
כטיגען פירער פונם גאנצען פארבאנד. גורע־
באלט אים דארט אינם בריוו פאר די 9 מיט־
און דער סעקציע, באשרייבט אים ווי די פאר־
ן קומען פאר און שטעלט פעסט די אפיציעלע
די אפשטימונגען. ס'רעדט זיך דארט נאך ווע־
אויפרוף (געמיינט אודאי דעם זשורנאל דער
וואס ליבערמאן האט געוואלט ארויסגעבען און
נ'ס אויפרוף צו דער יוגענט). דעם בריוו
טערגשריבען גורעוויטש אלס „באפאלמעכטיג־
ן „געלייענט" מאקסים ראם*). (פאראן נאך
מיט בליישטיפט: אלע געלייענט).
ן דער דאזיגער „סעקציע" זיינען אין בער־
געווען אנדערע אידישע סאציאליסטען פון
פילען מיט וועלכע די סעקציע־מיטגלידער
שטאנען אין א קאנטאקט. „מיר האבן דא א
קאנטע און פריינט — שרייבט גורעוויטש צו
—

*) מאקסים (מנשה) ראם און מאטוועי ראם זיינען די
ער באקאנטער אלמנה דבורה ראם, די בעל הבית'טע
ווילנער באקאנטער דרוקעריי, אגב א מומע פון
ין. שפעטער האט מאקסים ראם געלעבט אין אמע־

ליבערמאנען (9.3 1876) וועלכע קענען אבער ניט, לויט
אונזער מיינונג, אריינגעצויגען ווערען אין דער סעקציע.
מיר האפען אבער אז מיר וועלען קענען זיי אנווייזען
א ניצליכע טעטיגקייט".
1876 האט אין סעמעסטער שטודירט אין בערלין
דער ווייטער דערמאנטער נחום ברוידע פון ווילנע. ווי
ס'וועט נאך ווייטער דערמאנט ווערען זיינען דארט געווען
נאך אידישע סטודענטען אדער בכלל אינטעליגענטען
וואס האבען געהאט א שייכות צו די סאציאליסטען: ראַ־
דין, בלומענטאל, דוד גורעוויטש, וואסערמאן, מאזיע,
ביילין א. אנד.
דאס צווייטע מאל איז ליבערמאן געווען אין בערלין
ווארשיינלך פון סוף מאי ביז ארום מיטען יוני 1876.
נחום ברוידע האט דערציילט ביים פארהער אין דער
פאליציי אין ווין, בשעת זיין ארעסט אין 1878, אז זייענ־
דיג זומער 1876 אין בערלין האט ער צוזאמען מיט
די ברידער ראם באזוכט פארזאמלונגען „וואו ליבערמאן
אליין האט אמשטארקסטען אגיטירט און מ'האט אויך
גערעדט וועגען פראקלאמאציעס. ס'איז אויך געמאכט
געווארען א גרופע־פאטאגראפיע, וואס מ'האט שפעטער
געפונען ביי ליבערמאנ'ען. אויף דעם בילד זיינען גע־
ווען לויט ברוידע'ס ווערטער — פאטאגראפירט: גע־
ראסים ראם, אהרן ליבערמאן, זאק, ברוידע און 3 פער־
זאן וואס ער האט געזאגט אז ער ווייס ניט ווער זיי זיינען.
די פאטאגראפיע האט ברוידע דעם 2טען יוני, 1876,
געגעבען א דאמע אין בערלין און האט זיך דארט אונטער־
געשריבען „ראכמילעף".
פון דעם קען מען זען, אז דאס צוזאמענטרעפען
אין בערלין איז פארגעקומען אזוי ארום דעם 2טען
יוני 1876. אין דער זעלבער צייט איז ליבערמאן, ווי
מ'זעט פון די פראטאקאלען פונם לאנדאנער פאראיין
— ניט געווען אין לאנדאן. און מ'קען דערפון ווייטער
ציען דעם שלוס, אז כאטש ליבערמאן איז געווען גראד
פארטאן מיט דער גרינדונג פונם לאנדאנער פאראיין, איז
ער צוגעפארען קיין בערלין אפשר כדי ארומצורייזען
די אויסגאבע פונם אויפרוף „אל שלומי בחורי ישראל"
וואס איז ארויס אין יולי 1876 (ברוידע זאגט, אז מ'האט
גערעדט וועגען פראקלאמאציעס). ווי ס'זעט אויס
האט זיך זאקע געהאנדעלט וועגען דעם ארויסגעבען דעם
אויפרוף, ניט וועגען פארשפרייטען אין בערלין. ווען
מ'זאל גורעוויטש'ן אין זיינע זכרונות גלויבען, איז דער
אויפרוף כמעט גאר ניט אנגעקומען צו דער בערלינער
גרופע און אראנסאן שרייבט ליבערמאנ'ען אין א בריוו
פונם 4טען יולי 1876, פארשאף מיר, ווען דו קענסט,
לכל הפחות 100 עקזעמפליארען פון דער פראקלא־
מאציע.
נאכדעם ווי אין לאנדאנער פאראיין האבען זיך אנ־
געהויבען די אינערע שטרייטיגקייטען און נאכדעם ווי
דער „וופעריאד" איז אונטערגעגאנגען און ליבערמאן האט
פארלארען זיין שטעלע, האט ער פארלאזען לאנדאן.
ליבערמאן האט צוערשט געטראכט צו פארען קיין לייפ־
ציג — דעם פארלאגס־צענטער פון דער דייטשישער
סאציאל־דעמאקראטיע אין יענער צייט — און קיין
רוסלאנד און עסטרייך, כדי צו ארגאניזירען די פאר־
שפרייטונג פון דער צייטונג, וואס ער האט געוואלט
ארויסגעבען. ער איז אבער אין דעצעמבער 1876 גע־
פארען פון לאנדאן קיין בערלין און דארט זיך אופגע־
זעצט ווארטען אויף געלט פאר דער אויסגאבע פון זיין
סאציאליסטישער העברעאישער צייטונג „האמת".
צו יענער צייט האט ער אין בערלין געגרינדעט,
אדער זיך באטייליגט אין דער גרינדונג, פון א אידישען
סאציאליסטישען פאראיין פון וועלכען דער רוב זיינען
געווען סטודענטען. מסתמא האט דער דאזיגער פאר־
איין געוואלט ווערען א שטיצע פאר דער אויסגאבע פון
„האמת". יעדענפאלס איז דאס געווען דער הויפט ציל
וואס ליבערמאן האט פארפאלגט אין בערלין.
אויף דעם באדען זיינען אויך פארגעקומען א פאר
סכסוכים צווישען ליבערמאנ'ען און דער בערלינער גרו־
פע. ליבערמאן אלס ענטוזיאסט און היציגער קאפ האט
געוואלט וואס שנעלער ארויסגעבען די צייטונג און איר
געבען א שטארק' קאמפערישען טאן. בשעת די „בער־
לינער" זיינען געווען מער פראקטיש, האבען זיך ניט
געאיילט מיט'ן געלט געבען און האבען אויך געוואלט
געבען דער צייטונג א מעסיגען טאן. ליבערמאנ'ס
בריוו צו סמירנאוו'ן — סעקרעטאר און מיטארבייטער



פון „וופעריאד" — שילדערט דעם שטאנדפונקט פון
ביידע צדדים און גיט איבער די כאראקטעריסטיק פון
די „בערלינער" זעלבסטפארשטענדליך געזען מיט די
אויגען ליבערמאנ'ס.
ער דערקלערט דארט פארוואס ער איז צוגעטרא־
טען ארויסצוגעבען דעם „האמת" אלס לעגאלע צייטונג
און דעריבער אויך אין העברעאיש, ווייל אידיש רעדט
מען אין רוסלאנד. ארויסצוגעבען אן אומלעגאלע צײ־
טונג — שרייבט ליבערמאן — איז ניט געווען מעגליך.
ערשטענס פאדערט זיך דערצו פאסענדע מענשען, וועלכע
זאלען זיך פולשטענדיג איבערגעבען צו דער זאך, דערצו
נאך מענטשען מיט געלט. צווייטענס זיינען זיינע גבירים
(געמיינט די „בערלינער") נאך ניט גענוג „אויפריכ־
טיג" און דערפאר שטעלען זיי זיך פאר, אז זיין „עסק"
איז פאר זיי צו אומזיכטיג, אז זיי זאלען דערויף קאנ־
צענטרירען אלע זייערע כוחות; זיי דארפען, אויב
שוין ניט קיין אוניווערסאלע, איז לכל הפחות — אן
אלרוסישע טעטיגקייט. ווייניגער דערפון קען מען ניט.
און וואס פאר א פנים האט עס? די מענשען האבען
ניט בלויז איינגעשלונגען די גאנצע ציוויליזאציע; זיי
זיינען דאך דורכגעגאנגען די גאנצע קולטור. געווארען
אפילו סאציאליסטען און זיי געבען געלט, כדי שוין
טאקע איינגאנצען, הייסט עס, אריין צווישען די פארט־
געשריטענע; מען איז שוין דערגאנגען צו דעם פלאץ
וואס לויט דעם דיכטער שילער: „האט גאט דעם מענ־
שען ביים באשאפען א גרעניץ געשטעלט" — און דא
ליגט מען זיי גאר פאר צו בלייבען ושידעס... טוט
זיי אבער א בעט צו גיין אין פאלק, שוין אין רוסישן,
ניט אין אידישן — וועלן זיי ניט גיין. צווישען דייטשען
— יא, דאס איז ניט געפערליך און אפילו געלט געבען
זיי אויך דארטען, נאר א קלייניגקייט". אין אן אנדערען
בריוו דערציילט ער וועגען די חלוקי־דעות צווישען אים
און זיינע „גבירים" וועגען דעם תוכן פון דער צײ־
טונג. ליבערמאן באמערקט „איך דארף זיך אויך האל־
טען ביי דער טאקטיק פון די דייטשען „אילע מיט
ווילע". איך, אייגענטליך, בין ניט אינגאנצען איינ־
שטימיג מיט די דייטשישע טענדענצען, אבער איצט מוז
איך. איך האב דאס פריער אויך געוואוסט און דער־
פאר האב איך זיך אזוי אן חשק צעשיידט מיט לאנדאן".
די „בערלינער" וואס האבען פינאנסירט דעם „האמת"
האבען זיכער נאר געוואלט צוריקהאלטען ליבערמאנ'ען,
אז ער זאל דורך זיין היציגקייט ניט גורם זיין, אז די
צענזור זאל פארבאטען די צייטונג.

.2

די אידיש־רוסישע סטודענטען אין בערלין האבען
אבער ניט יוצא געווען נאר מיט העלפען ליבערמאנ'ען
און מיט שמוגלען ליטעראטור קיין רוסלאנד, נאר האבען
זיך כמעט אלע באטייליגט אין דער סאציאליסטישער
באוועגונג אין דייטשלאנד גופא און טיילווייז אויך מיט־
געארבייט אין דער סאציאליסטישער פרעסע. אין זיין
שוין דערמאנטען בריוו פונם 9טען מערץ 1876 שרייבט
גורעוויטש ליבערמאנ'ען: איך באטייליג מיך אין דער
דייטשער באוועגונג און איך בין גוט באקאנט און באַ־
פריינדעט מיט כמעט אלע פירער. איך האב פיל גע־
שריבען פאר „פאלקסשטאאט", „גלייכהייט", „נייער סאַ־
ציאלדעמאקראט" און „נייע וועלט" ווייטער זאגט ער
דארט, אז אלע באטייליגען זיך נאך מעגליכקייט אין
דער היגער (דייטשער) באוועגונג. גורעוויטש האט זיך
אויך באטייליגט אינם סאציאליסטישען קאנגרעס אין
גאטא (27־29.5 1876).
ליבערמאן אליין — וואס איז ווייניג באקאנט —
האט אויך געשריבען ארטיקלען פאר דייטשע סאציא־
ליסטישע צייטשריפטען. אין באשולדיגונגס־אקט פונם
בערלינער פראצעס איז געזאגט, אז ביי דעם ווינער
פראצעס האט ליבערמאן אליין מודה געווען, אז ער האט
געשריבען פאר דער בערלינער „צוקונפט", פאר „די
נייע וועלט" וואס ליבקנעכט האט ארויסגעגעבען אין
לייפציג און פאר אנדערע סאציאליסטישע צייטשריפטען
אויך האט מען ביי אים געפונען א בריוו פון דער רע־
דאקציע „צוקונפט" (דאטירט דעם 22טען סעפטעמבער
1877) פון וועלכען ס'איז צו זען, אז ער איז געווען
דארט א מיטארבייטער.
משה ראדיף*) האט אין בערלין (1876 אדער 1877)

*) געבוירען דעם 15טען יולי 1849 אין [illegible].
געווען לויט די ידיעות פון דער פאליציי אין בערלין בא־
פריינדעט מיט די ברידער ראם. פון בערלין אריבערגע־
פארען קיין [illegible] און שפעטער געוואוינט אין [illegible].

ארויסגעגעבען א ס
איבערגעזעצט פון
פריער פרעסע און
אויך אין האמבורג ה
ליסטישער פרעסע.
רומעניע, א סטודענט
מיטגעארבייט אין דער
אין לייפציג און האט
פלוגבלעטער.
ווי ס'זעט אויס פ
סעפטעמבער 1876,
טען געווען אויף די
גאר פאסיוו. דארט
די צווי ברידער ראם
דער לעצטער צייט ז
זוכען אפילו די גרוי
טרעטען אבער דארט
אודאי האבען די
סאציאליסטען ניט ג
פאליציי אין דייטשל
אנהויב פון די 70ער
קאמף געגען די ס
רייכסטאג אין 1871
ריזער קאמונע איז
אומעאום, האט געפי
קראגען אן אויסרייד
סאציאליסטען. אין
געשלאגען צווי אויס
געגען די סאציאליסט
האט „געמאכט" א
טען (אין 7 חדשים
87 סאציאליסטען)
בייטער־פאראיין איז
גער זיינען געווארען
ליסטען אין די נא
האט דער עקאנאמי
אומצופרידענהייט אי
האט די פאראייניגונג
גרופעס ביי די דיי
גער און די אייזענאכ
א קראפט. פאר ביס
משרתים" האט עס
מער בילבולים אויף
זיי אונטערדריקען,
דער עפענטליכער
דאזיגע מענשען און
פאר די אויסנאמסגע
פירען. אמת טאקע
די דאזיגע געזעצען
גענומען דאס אזוי
דורכפירען ערשט נאכ
(2טען יוני 1878)
מונג צו פארגעדערלע
וואלען (סאציאליסטען
טאבער, פארעפענטל
אבער זיינע העלפער
עיקר האבען זיך אר
פראקוראר טעסענד
צוזאמענשטוסען
ליצייקאמיסאר קריג
ממונה אויף די פ
אנטוויקעלט דעם ש
אויס, האט מען שוי
אידישע סטודענטען
צו באשעפטיגען מיט
יוני, 1876, בשעת מ
איז געמאכט געווארן
מיטגליד יאקאן
באנט געבנדען רוס
זעצונג". די פאליצ
אוניווערזיטעטס־גער
און וועגען דעם אז
און געגעבען א ריי
כאטש דאס גריכט
אז וועגען ראם'ען א
קענען זאגן, אז דאס
פונה קען דער
געגען אים ערער ד
האט אבער די פאלי

# אַרבעטער־כאָרען

(צו דער געלעגענהייט פון דעם 25־יאָריגען יובּיליי
פון דעם אַרבייטער רינג כאָר)

פון נ. ב. מינקאָוו

דער אַרבייטער רינג כאָר פון ניו יאָרק, וואָס רעכענט זיך היינט פאַר איינעם פון די בעסטע כאָרען אין לאַנד, פייערט איצט זיין 25־יעריגען יובּיליי. עס וועט דעריבער זיין ביי דער געלעגענהייט אינטערעסאַנט צו וואַרפען אַ בליק אויף דער אַנטשטעהונג, אַנטוויקלונג און ווערט פון אַרבייטער כאָרען אין אַלגעמיין, וואָס שפּילען אַזאַ וויכטיגע ראָלע אין דער אַרבייטער באַוועגונג פון אַלע לענדער.

וואָס אַ יאָר ווייטער, אַלץ מער אָנהענגער זאַמלען זיך אַרום די אַרבייטער־כאָרען, אַז מען קען אויסאיידלען דעם קינסטלערישען געשמאַק פון אַרבייטער דורך מאַסען־געזאַנג — דאָס איז שוין איצט אַן אָנגענומענע זאַך. עס איז אויך קלאָר פאַר אַלעמען, אַז כאָרען האָבען אויך אַ פּראַקטישע עובדא. זיי באַשיינען און מאַכען אינהאַלטס־רייך אַלע אַרויסטרעטונגען, וואָס ווערען אַראַנזשירט פון פאַרשיידענע טיילען אין דער אַרבייטער באַוועגונג. אַ חוץ דעם אַלעמען, די אַרבייטער־כאָרען באַווירקען אי זיך, אי די צוהערער און וועקען אין זיי דאָס געפיל פון סאָלידאַריטעט, פון אָפּפערוויליגקייט, פון קאַמף־גרייטקייט, און דאָס לאָזט איבער טיפערע שפּורען ווי אַגיטאַציעס און טעאָרעטישע פּילפּולים, פּשוט דערפאַר, ווייל דאָס ווירקט אוממיטעלבאַר, עמאָציאָנעל. אַבער ניט פיל מענשען ווייסען, אַז דער איינפלוס פון אַרבייטער־כאָרען איז אַ סך אַ טיפערער, אַ ברייטערער ווי מיר זיינען געוואוינט דאָס אָנצונעמען. דער פּאָליטישער פאַקטאָר פון אַרבייטער־כאָר געזאַנג איז אַ סך ווייטגייענדיגער ווי בלויז וועקען און שמידען דאָס געפיל פון איינִיגקייט און קאַמף־באַגייסטערונג. דער אַרבייטער־כאָר געזאַנג שמידט אויס אַ באַשטימטע אידעאָלאָגיע, וואָס אַנדערע מיטלען קענען דאָס ניט טאָן אַזוי דערפאָלגרייך. אויך אַ ריין קינסטלערישע פּראָבּלעם האָבען די אַרבייטער־כאָרען אַרויסגערוקט. מען האָט אָנגעהויבען צו דערבליקען אין די כאָרען יענעם פאַקטאָר, וואָס עפענט נייע מעגליכקייטען פאַר גאָר נייע קונסט־פאָרמען: פאַר מאַסאָווע, פאַר קאָלעקטיווע.

ווילמען זיך גענויער באַקענען מיט די פּראָבּלעמען, וואָס די אַרבייטער־כאָרען האָבען באַשאַפען מיט זייער עקזיסטענץ, מוז מען זיך ווענדען צום קלאַסישען לאַנד, וואו זיי זיינען אַנטשטאַנען, אין שויס פון דער אַרבייטער־באַוועגונג. דאָס דאָזיגע לאַנד איז דייטשלאַנד. דאָס דייטשלאַנד פון מאַרקס און ענגעלס, לאַסאַל און בעבעל. און עס איז באמת אַ שאַד, וואָס ביז איצט האָט זיך נאָך ניט געפונען קיין היסטאָריקער, וואָס זאָל אונז געבען אַ גענוי בילד פון דער גרויסער אַרבייטער־כאָר קולטור אין דייטשלאַנד. די מאַטעריאַלען זיינען צעוואָרפען אין צייטונגען, זשורנאַלען, באַריכטער. אי עס איז שווער צו געפינען וואָסער ניט איז אַנטוויקלונגען, אי עס איז שווער צו קריגען די דאָזיגע מאַטעריאַלען. פאַר אַ היסטאָריקער איז עס ממש אַ ניט־באַרירט פעלד.

די אַרבייטער־כאָרען אין דייטשלאַנד שטאַמען פון די זעכציגער יאָרען פון לעצטען יאָרהונדערט. דאָס איז אַ באַווייז, אַז זיי זיינען געווען אַ טייל פון דער פּאָליטישער אַרבייטער באַוועגונג. די ערשטע כאָרען־גרינדער, וואָס זיינען פאַרזייט געוואָרען, זיינען פאַרבונדען מיט בעבעלס, און נאָך מער — מיט לאַסאַל'ס נאָמען.

פערדינאַנד לאַסאַל'ס גרעסטער פאַרדינסט פאַר'ן אַרבייטער קלאַס איז געווען דאָס, וואָס ער האָט פאַרזייט דעם „פעסטען קערען פאַר אַן אַרבייטער פּאַרטיי". מיט'ן „פעסטען קערען" מיינט מען „דעם אַלגעמיינעם דייטשען אַרבייטער פאַראיין", וואָס ער האָט געגרינדעט אין יאָר 1863. זיין ציל איז געווען צו גרינדען אַ פּאָליטישע אַרבייטער־פּאַרטיי, וואָס זאָל קענען אַ ל י י ן, מ י ט א י י ג ע נ ע כ ח ו ת אויסקעמפען רעכט פאַר זיך, ד. ה. פאַר'ן גאַנצען אַרבייטער קלאַס. סיי לאַסאַל און סיי בעבעל האָבען באַגריפען, אַז דער ריין־פּאָליטישער ווערט פון אַרבייטער־מאַסען־געזאַנג איז אַ סך וויכטיגער ווי פון רעדעס און טעאָריעס. זיי האָבען געזען די שטאַרקע ווירקונג, וואָס די בירגערליכע כאָרען האָבען אויף זייערע מיטגלידער. די דייטשע געזאַנג־באַוועגונג אין דער פאָרם פון די „לידער־טאַפעלן", וואו מיטגלידער פלעגען זינגען זיצענדיג ביי טישען (טאַפעלן), ווי אויך אין דער פאָרם פון מענער־געזאַנג־פאַראיינען, — די דאָזיגע באַוועגונג האָט באַדינט בלויז דעם בירגער. די דאָזיגע באַוועגונג האָט פאַרשפּרייט נאַציאָנאַליסטישע און פּאַטריאָטישע לי־דער. וועבער'ס קאָמפּאָזיציע פון קערנערס „לייער און שווערט" איז געווען דאָס פאָן־ליד פון בירגערטום, וואָס האָט נאָך רומפול געקעמפט אין דער רעוואָלוציע פון 1848.

באַווירקען די מאַסען עמאָציאָנעל, אויף אַ קאָלעקטיווען אופן—דאָס איז געווען די סיבה, וואָס האָט געטריבען לאַסאַל'ן אָנטיילצונעמען צו גרינדען דעם אַרבייטער־געזאַנג־פאַראיין „זענגעררונדע" אין פראַנקפורט־אַם־מיין. לאַסאַל האָט זיך ממש אָנגעזעצט אויף דעם פּאָעט הערוועג, און אים כמעט געצוואונגען אָנצושרייבען אַ „בונדעסליד" (בונד־ליד פאַר דעם „אַלגעמיינעם דויטשען אַרבייטער פאַראיין"). און ווען הערוועג האָט דאָס ליד אָנגעשריבען, האָט לאַסאַל דאָס גלייך איבערגעגעבען דעם קאָמפּאָזיטאָר האַנס פאָן בילאָו'ן, וואָס האָט געשאַפען די מוזיק. דאָס ליד איז שפּעטער דערשינען אונטער בילאָו'ס פּסעוודאָנים וו. זאָלינגער.

פונקט אין דער זעלביגער צייט האָט בעבעל אָנטייל גענומען אין גרינדען אין לייפּציג אַ כאָר אין דעם „אַלגעמיינעם געווערבליכען בילדונגס־פאַראיין". ער אַליין, אויגוסט בעבעל, האָט געזונגען אין דעם דאָזיגען כאָר. ער איז געווען אַ באַס. מיט פינף יאָר שפּעטער, אין 1868, האָט זיך אין ווין געגרינדעט אַ געזאַנג־סעקציע ביים אַרבייטער בילדונגס־פאַראיין, אַט־דער ווינער כאָר האָט אין זעלביגען יאָר אָנטייל גענומען אין אַ לאַסאַל־פייערונג און געזונגען דאָרט שויסעס „ליד דער אַרבייט", וואָס איז געוואָרען דער פאָלקס־הימען פון דער עסטרייכישער אַרבעטערשאַפט.

דאָס אַלץ זיינען געווען די אָנהויבען פון אַ באַוואוסטזיניג־אָרגאַניזירטען אַרבייטער כאָר־געזאַנג. אַבער אַרבייטער־מאַסען־געזאַנג אויף אַ ניט־אָרגאַניזירטען אופן האָט אויך פריער עקזיסטירט. דאָס איז געווען מאַסען געזאַנג, וואָס פלעגט זיך אַרויסרייסען פון צייט צו צייט פון די סאַמע טיפען פון מאַסאָווען קאַמף. דאָס זיינען געווען די רעוואָלוט־לידער פון 1848. פאַר'ן ערשטען שטורעם־פויגעל פון אַרבייטער־לידער דאַרף מען רעכענען דאָס ליד, וואָס האָט זיך געטראָגען בעת'ן אויפשטאַנד פון די שלעזיער וועבער, יענעם אויפשטאַנד, וואָס איז געווען דער פרימיטיווער אויפרייס פון קלאַסענקאַמף.

די אַרבייט פון די כאָרען האָט זיך געהאַלטען אין איין אַנטוויקלען און צוגעזאָגט אַ ליכטיגע צוקונפט. אַבער אַלע טרוימען און האָפענונגען זיינען צעשטערט געוואָרען פון ביסמאַרק'ס פינצטערער רעאַקציע. אין 1879 האָט ביסמאַרק אַרויסגעגעבען די באַוואוסטע „סאָציאַליסטען געזעצען". דער ציל פון די געזעצען איז געווען זייער אַ קלאָרער — צו פאַרניכטען די שטייגענדיגע אַרבייט פון פּראָלעטאַריאַט. צוועלף יאָר צייט זיינען אַלע פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס געווען אונטערדריקט, אַלע פּאַרטיי־צייטונגען פאַרבאָטען. און מערקווירדיג, גראָד אין אַזאַ פינצטערער צייט פאַר'ן אַרבייטער־קלאַס האָבען די אַרבייטער געזאַנג־פאַראיינען איבערגענומען אויף זיך די היסטאָרישע פּאָליטישע ראָל אויפצוהאַלטען דאָס פאַרבאָרגענע ליכט פון אַרבייטער־איינִיגקייט, אַגיטאַציע און אַלע אונטערערדישע אַרבייטען. אויסערליך האָבען די אַרבייטער געזאַנג־פאַראיינען אויסגעזען אומשולדיג, אַבער אינעווייניג האָבען זיי איבערגענומען די גאַנצע פּאָליטישע אַרבייט אונטער'ן מאַנטעל פון קונסט. דערמיט האָבען זיי געפעסטיגט די ווייטערדיגע יסודות פאַר'ן פּאָליטישען קאַמף. ביסמאַרק'ן האָט זיך ניט איינגעגעבען אומצוברייגען די מאַכט פון אַרבייטער קלאַס. פאַרקערט: ווען ביסמאַרק'ס געזעצען זיינען אָפּגעשאַפט געוואָרען (אין יאָר 1890), האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז די מאַכט פון פּראָלעטאַריאַט איז אַ סך שטאַרקער ווי דאָס וואָלט זיך געקענט אויסרעכענען דעם פאַנטאַסטישסטען טרוימער. איידער ביסמאַרק'ס געזעצען האָבען געוואָלט דערשטיקען די סאָציאַליסטישע טעטיגקייט פלעגען די אַרבייטער ציילען בלויז אַ האַלבען מיליאָן וואַל־שטימען. און גלייך ווי נאָר מען האָט אָפּגעשאַפט זיינע פינצטערע געזעצען, מיט 12 יאָר שפּעטער, האָט די אַרבעטערשאַפט געצויגען אַנדערהאַלבען מיליאָן וואַל־שטימען, ד. ה., דריי מאָל אַזוי פיל ווי פריהער. די אַרבייטער־כאָרען האָבען זיך אין דעם דאָזיגען אויפהאַלט און אויפלעב געשפּילט גאָר אַ וויכטיגע ראָליע, און ווי נאָר מען האָט געקענט ווידער בויען די אַרבייטער־פּאָזיציעס אָן שטערונגען, האָבען זיך די כאָרען אַנטוויקעלט אַזוי שנעל, אַז פינף יאָר נאָכ'ן אָפּשאַפען ביסמאַרק'ס „סאָציאַליסטען געזעצען" זיינען שוין געווען אין דייטשלאַנד 19,000 זינגער פון אַרבייטער־כאָרען. און מיט אַ צען יאָר צוריק, איידער היטלער איז געקומען צו מאַכט, זיינען אין דייטשלאַנד אַליין געווען אַרים 6,500 כאָרען מיט אַ האַלבען מיליאָן זינגער. אויף אַן ענליכען אופן האָבען די אַרבייטער־כאָרען זיך אַנטוויקעלט אין אַלע לענדער צוזאַמען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער אַרבייטער באַוועגונג. אַזוי איז דאָס געווען אין די סקאַנדינאַווישע לענדער, אַזוי איז דאָס געווען אין עסטרייך, וואו עס זיינען געווען אין די לעצטע יאָרען, פאַר היטלער'ס אָנפאַל, 460 כאָרען מיט 15,000 זינגער. עס איז ניט אויסגעשלאָסען, אַז אויך איצט, ווען דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט לעבט איבער די פינצטערסטע צייט פון זיין עקזיסטענץ, האָבען די כאָרען, מאַכט ניט אויס אין וואָסער פאָרם, געפונען אַ וועג ווי אויפצוהאַלטען אונטערערדיש דאָס כישוף'דיגע פייערעל פון גלויבען אין אַנטגילטיגען אַרבייטער זיג.

אין יאָר 1908 האָבען אַלע אַרבייטער־כאָרען אין דייטשלאַנד זיך פאַראייניגט אין איין גרויסער צענטראַלער „לידערגעמיינשאַפט" מיט אַ מאָנאַטשריפט „דויטשע אַרבייטער זענגער צייטונג", וואָס האָט דערגרייכט אַ צירקולאַציע פון 80,000 עקזעמפּלאַרען. אַט־דער דאָזיגער גיגאַנטישער וואוקס פון די אַרבייטער־כאָרען ווערט ניט נאָר אַ וויכטיגער טייל פון דער אַרבייטער באַוועגונג, נאָר הויבט אָן צו פאַרנעמען אַ וויכטיג אָרט אין דייטשלאַנד'ס מוזיק־לעבען. די גרעסטע מוזיקאַלישע פּערזענליכקייטען אַרבייטען מיט. מען גרינדעט אַן אייגענעם פאַרלאַג, וואָס גיט אַרויס איבער טויזנט כאָר־ווערק, מ'גרינדעט כאָרמייסטער און דיריגענט־שולען. און די אַלע ריזיגע אַרבייטען קריגען זייער פולען אויסדרוק ביי די „מוזיקפעסטע" (מוזיק יום־טובים). אַזוי אין עסטרייך, אַזוי אין דער שווייץ, אין סקאַנדינאַווישע לענדער, אין אונגאַרן, אין דייטש־בעמען, אין עלזאַס־לאָטרינגען און אויך אין דער דייטש־שפּרעכענדיגער אַמעריקע, וואו דייטשע אַרבייטער און סאָציאַליסטען האָבען פאַרזייט די ערשטע אַרבייטער־כאָרען אויפ'ן מוסטער פון די דייטשע. אין יאָר 1926 קומען זיך אין האַמבורג צונויף די דעלעגאַטען פון די אַלע גרויסע כאָרען און גרינדען „דעם אַרבייטער־זענגער אינטערנאַציאָנאַל."

צוזאַמען מיט דער גיגאַנטישער אַרבייט קומען אויף נייע פאָדערונגען, נייע צילען, נייע פאַרמעסטונגען. עס באַווייזען זיך גרויסע כאָר־ווערק. ביים מוזיק־פעסט אין האַנאָווער, למשל, האָט מען אויפגעפירט די סאָציאַליסטישע קאַנטאַטעס „אַרבייטס אויפערשטייאונג" פון אולמאַן, די „אייזערנע וועלט" פון פאָן קנעכעל, טיסענס „פרילינג־מיסטעריע". מאַסע און קינסטלער קומען אין נענטער באַרירונג. מען דערקענט איינער דעם צווייטען און מען הייבט אָן צו פאַרשטיין איינער דעם צווייטען. מ'הייבט אָן באַטראַכטען כאָר־מוזיק ווי אַ נייע קינסטלערישע מאַסען־פאָרם, וואָס וועט שטילען דעם דורשט נאָך גרעסערע מעגלעכקייטען, וואָס די קאָנצערט־בינע קען עס ניט געבען. אויך די מייסטער־ווערק פון דער פאַרגאַנגענהייט ווערען אָפּגעפרישט און קריגען גאָר אַ נייעם באַטייט. זיי סטימולירען צו גרעסערע פאַרמעסטונג, וואָס זאָלען פאַרבייטען דעם רעליגיעז־ריטועלען זינען פון דער אַלטער כאָר־מוזיק אויף נייע ווערקרופען, קאָמפּראָמיסען מיט אַ רעאַליסטישען עסטעטישען ציל. נייע קונסט־באַגריפען שאַפט דער כאָר. אַ נייעם עסטעטישען צוגאַנג דערקענען סיי אַ סך דיכטער און אַ סך קאָמפּאָזיטאָרען און דיריגענטען. איבער אַלץ שוועבט דער אידעאָלאָגישער פאַקטאָר, דער פּאָליטישער באַטייט. און די אָנווענדונג זיינע איז אַ רייך־פּסיכאָלאָגישע: די מעלאָדיע צווינגט די ווערטער אַריינזינקען טיפער אין זכרון, וואָס פאָרעמט אויס בילדער, פאַרגלייכען, מוסטערן און פאַרשיידענע מאָמענטען פון לעבען און דאָס ווערט געטאָן עמאָציאָנעל. און דערביי ווערען די ווערטער, די בילדער און לאָזונגען ווי פאַראייביגט אין דער געוויסענס פון'ם זינגער. און

# פונ'ם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטער־לעבען

פון דר. יוסף קיסמאַן.

באַראַטונג פונים אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטס־אַמט וועגן אַרבייטס־ און וואַנדערונגס־פּראָבלעמען.

אין חודש פעברואַר האָט דער ראַט פונ'ם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטס־אַמט אָפּגעהאַלטען אַ וויכטיגע קאָנפערענץ אין גענף, שווייץ. עס זיינען באַטראַכט געוואָרען אַ רייע פראַגען, וואָס זיינען אַרויסגערוקט געוואָרען דורך דער מלחמה — אין פאָדערגרונט פון אַלגעמיינער פאַראינטערעסירונג, אין ערשטער רייע די פראַגע וועגען דער פאַרלייגערונג פון דער אַרבייטס צייט און וועגען דעם שטאַרקען וואוקס פון פרויען אַרבייט אין די מלחמה־לענדער. עס ווערען געזוכט מיטלען, צו פאַרהינדערען, אַז דורך דעם מאַסענהאַפטען אַריינדרינגען פון פרויען אין פּראָדוקציע־פּראָצעס זאָל נישט אַראָפּגעדרוקט ווערען דער אַרבייטס לוין אין די איינצעלנע אינדוסטריען.

אַ ברייטען פּלאַץ אין די באַראַטונגען האָט פאַרנומען די פראַגע פון עמיגראַציע. אין איצטיגען מאָמענט— האָט איבערגעגעבען דער רעפּאָרט פונ'ם סעקרעטאַריאַט — איז די פראַגע נאָר אַ פּראָבלעם פון פליכטלינגע, וואָס ראַטעווען זיך פון פּאָליטישע און ראַסען־פאַרפאָלגונגען. כל זמן עס האַלט אָן די מלחמה, זיינען אייגענטליך אַרבייטער־וואַנדערונגען איבערן ים כמעט אינגאַנצען אָפּגעשטעלט. אָבער ס'איז קיין ספק נישט, אַז וויבאַלד עס וועט פאַרענדיגט זיין די מלחמה, וועלען זיך לאָזען אין וועג אַריין גרויסע באַפעלקערונגס־מאַסען פון אייראָפּע, זוכען נייע היימען, ווייל דער לעבענס־סטאַנדאַרד אין אייראָפּע וועט געוויס זיין זייער אַ נידעריגער. דאַרף מען שוין איצט באַצייטענס באַטראַכטען מיטלען, ווי אַזוי צו באַגעגענען די קומענדיגע עמיגראַציע־כוואַליעס.

פון דער דיסקוסיע, וואָס איז פאָרגעקומען אַרום דער פראַגע, איז כדאי צו דערמאָנען די מיינונג, וועלכע ס'האָט אַרויסגעזאָגט דער פראַנצויזישער יוניאָן־פירער לעאָן זשואָ. ער האָט געפאָדערט, אַז עס זאָל פאַרזיכערט ווערען פאַר אַרבייטער אויף דער גאַנצער וועלט דאָס רעכט פון פרייער וואַנדערונג, דאָס רעכט, זיך צו באַזעצען און צו אַרבייטען אומעטום וואו זיי ווילען. ס'איז באַשטימט געוואָרען אַ קאָמיסיע פון דריי מיטגלידער, וועלכע וועט שטודירען אַלע פראַגען אין צוזאַמענהאַנג מיט עמיגראַציע און באַריכטען צום קומענדיגען מיטינג. אין דער קאָמיסיע גייט אויך אַריין דער אַמעריקאַנער פאָרטרעטער קאַרטער גודריטש.

די קומענדיגע קאָנפערענץ פונ'ם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטס־אַמט וועט אָפּגעהאַלטען ווערען אין חודש יוני.

סאָוועט־רוסלאַנד אַרויסגעשליידערט פונים אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטס־אַמט.

נאָך איין וויכטיגע זאַך האָט אויפגעטאָן די איצטיגע קאָנפערענץ פונ'ם אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטס־אַמט: זי האָט אַרויסגעוואָרפען סאָוויעט־רוסלאַנד פון דער אינטערנאַציאָנאַלער קערפּערשאַפט, וואָס וואַכט איבער די אינטערעסען פון די אַרבייטער אויף דער גאַנצער וועלט. די קאָנפערענץ האָט איינשטימיג דערקלערט, אַז דער פּלאַץ, וועלכען רוסלאַנד האָט ביז איצט פאַרנומען אין ענגערען ראַט פון די 8 וויכטיגסטע אינדוסטריעלע לענדער, איז פריי געוואָרען און אָן ווייטערע דיסקוסיעס איז באַשלאָסען געוואָרען, אַז בעלגיע זאָל פאַרנעמען דעם פרייען אָרט.

אין חודש דעצעמבער איז רוסלאַנד אויסגעשלאָסן געוואָרען פון דער פעלקער־ליגע, צוליב דעם אָנפאַל אויף פינלאַנד. איצט זיינען די סאָוויעטען באַזייטיגט געוואָרען פונ'ם אַרבייטס־אַמט אויך און אַזוי איז איבערגעריסען געוואָרען דער לעצטער פאָדעם, וועלכער האָט נאָך פאַרבונדען סאָוויעטען־לאַנד מיט דער ציוויליזירטער וועלט.

ווען מען לאָזט אפילו אויסער באַטראַכט די אימפּעריאַליסטישע פאַרברעכענס פון די סאָוועטען, איז דער באַשלוס פון דער קאָנפערענץ באַרעכטיגט אויך צוליב ריין זאַכליכע מאָטיוועו. אין אַרבייטס־אַמט ווערט יעדע מלוכה פאַרטראָטען סיי דורך רעגירונגס־פאַרטרעטער סיי דורך יוניאַן־פאַרטרעטער. די רוסישע „יוניאָנס" מישטינס געזאָגט, האָבען אָבער קיין שום רעכט נישט, אַרויסצוזאָגען אַ פרייע מיינונג, אַזוי ווייניג ווי למשל קאָמפּאַני־יוניאָנס אין אַמעריקע, אָדער נאָך ווייניגער. ווען אַ רוסישער יוניאָן־מאַן זאָל וואַגען אַרויסזאָגען אַ פריי וואָרט, וואָלט ער דאָך פאַרלוירען דעם קאָפּ. סאָ איז געוויס קיין שאָדען נישט, ווען סאָוועטישע יוניאָנס באַלאַנגען נישט צום יוניאַן־אינטערנאַציאָנאַל און סאָוועט־רוסלאַנד אַלס אַ מלוכה באַלאַנגט נישט מער צום אינטערנאַציאָנאַלען אַרבייטס־אַמט.

דער וועלט־פּראָלעטאַריאַט שטייט אויף דער זייט פון פינלאַנד.

די גאַנצע וועלט באַוואונדערט דעם העלדישען קאַמף פונ'ם פינישען פאָלק געגען דעם באַרבאַרישען אָנפאַל פון סאָוועט־רוסלאַנד. אין דער אַרבייטער באַוועגונג פון אַלע לענדער רופט אַרויס די טראַגעדיע פון דעם אומגליקליכען לאַנד די טיפסטע סימפּאַטיעס.

לעצטענס האָט וואַלטער סיטרין, דער פאָרזיצער פונ'ם טרעיד־יוניאָן־אינטערנאַציאָנאַל, צוזאַמען מיט אַ דעלעגאַציע פון ענגלישע טרעיד־יוניאָן־פירער, געמאַכט אַ וויזיט אין פינלאַנד און האָט פון דאָרט אַרויסגעשיקט אַ רירענדע טעלעגראַמע צום אַמעריקאַנער רעליעף־פאָנד פאַר פינלאַנד.

אין סאָוועטען־רוסלאַנד גופא זיינען די אַרבייטער ווייט פון מלחמה און „זיעג"־באַגייסטערונג. ווי עס גיט איבער דער לאָנדאָנער „דעילי העראַלד", זיינען אין נייטראַלע לענדער אויפגעכאַפּט געוואָרען שוין עטליכע מאָל רעדעס פון אַ געהיימער בראָאַדקעסטינג־סטעישאָן אין רוסלאַנד, וועלכע רופען צום קאַמף געגען די געוואַלט־הערשער פון קרעמעל. אין די דאָזיגע רעדעס ווערט אָנגעקלאָגט די קאָמוניסטישע פירערשאַפט פון רוסלאַנד, אַז זי האָט פאַרראַטען די אידעאַלען, פאַר וועלכע דאָס אַרבייטער פאָלק האָט פאַרגאָסען זיין בלוט אין רעוואָלוציעס. די מלחמה געגען פינלאַנד ווערט פאַרדאַמט אַלס דער בלוטיגסטער פאַרברעכען פון געוויסענלאָזע טיראַנען. די אַרבייטער ווערען גערופען צום קאַמף געגען דער ביוראָקראַטיע פאַר אַ פרייער סאָציאַליסטישער רוסלאַנד.

דאָס דייטשע פאָלק מוז מיטהעלפען, פאַרניכטען דעם היטלעריזם.

אין נאַצי־לאַנד הערשט רוהה און אָרדנונג, קיינער וואַגט נישט אויפצומאַכען דאָס מויל, אָבער די פאַרביטערונג און דער צאָרן פון די ברייטע פאָלקס־מאַסען געפינען זייער אויסדרוק אין פּראָקלאַמאַציעס וואָס ווערען אַרויסגעגעבען דורך די פירער פון דער דייטשער אַרבייטער באַוועגונג, וועלכע ריכטען אָפּ גלות אין אויסלאַנד. די סאָציאַליסטישע באַוועגונג פון דייטשלאַנד איז געשפּאָלטען, אָבער בידע ריכטונגען זיינען איינעג אין דער פראַגע פון דעם נאָענטסטען מלחמה־ציל: דער באַרבאַרישער היטלעריזם מוז צעשמעטערט ווערען, פּוילען און טשעכאָסלאָוואַקיע, וואָס זיינען צעטראָטען געוואָרען פונ'ם נאַצישען שטיוועל, מוזען ווידער אויפגעבויט ווערען, אַ נייע וועלט פון פרייהייט, יושר און גערעכטיגקייט, אין די באַציאונגען צווישען די פעלקער, מוז ווידער אויפגעבויט ווערען. אָט דער ציל קאָן, פאַרשטייט זיך, דערגרייכט ווערען נאָר דאַן, ווען היטלער'ס אַרמייען וועלען צעשמעטערט ווערען אויף די פראָנטען. די רעגירונגען פון די עלאַיס ווילען אויך באַזיגען היטלערן אין דער מלחמה, פונדעסטוועגען איז אָבער דער מלחמה־ציל פון דער דייטשער דעמאָקראַטיע ווייט נישט דער אייגענער ווי די צילען פון די פראַנצויזישע און ענגלישע רעגירונגס מענשען. די דייטשע סאָציאַליסטישע באַוועגונג און די דייטשע דעמאָקראַטיע בכלל פאָדערען, אַז פאַר די באַרבאַרישע פאַרברעכענס פון נאַציים זאָל נישט באַשטראָפט ווערען דאָס דייטשע פאָלק. די רעגירונגען פון די עלאַיס דיינקען אָבער אַנדערש.

אין אַ פּראָקלאַמאַציע, וואָס איז נישט לאַנג צוריק אַרויסגעגעבען געוואָרען אין פּאַריז פונ'ם פּאַרטיי־פאָרשטאַנד פון דער דייטשער סאָציאַל דעמאָקראַטישער פּאַרציע ווערט געשילדערט מיט לידענשאַפטליכע ווערטער אַלע פאַרגעוואַלדיקטע פעלקער — פרייהייט און גערעכטיגקייט אויך פאַר'ן דייטשן פאָלק. אין דער פּראָקלאַמאַציע ווערט געשילדערט מיט לידענשאַפטליכע ווערטער דער טעראָר־רעזשים פון די נאַציס אין פּוילען און אין טשעכאָסלאָוואַקיע. דאָס זיינען די בלוטיגסטע פאַרברעכענס — ווערט געזאָגט אין דער פּראָקלאַמאַציע — וואָס זיינען ווען עס איז באַגאַנגען געוואָרען אין דער וועלט־געשיכטע און איינער פון אונזערע מלחמה־צילען איז: צו פאַרגיטיגען די דאָזיגע פעלקער זייערע ליידען, צו היילען זייערע וואונדען.

אָבער דאָס גאַנצע דייטשע פאָלק איז אַריינגעשליידערט געוואָרען דורך היטלער'ן אין דער גרעסטער געפאַר. די שנאה פון די געפּייניגטע פעלקער געגען היטלער'ן קאָן זיך פאַרוואַנדלען אין נקמה־באַגער געגען דייטשן פאָלק. פאַראַן נאָר איין מיטעל, צו פאַרהיטען אָט די געפאַר: דאָס דייטשע פאָלק מוז אויפשטיין געגען זיינע נאַצישע אונטערדריקער, דאָס דייטשע פאָלק מוז זיך אָפּטרייסלען פון מיט־שולדיגקייט אין היטלערס פאַרברעכענס, די דייטשע מאַסען מוזען מיטהעלפען, פאַרניכטען דעם היטלעריזם.

די מלחמה־צילען פון דער בריטישער לעיבאָר־פּאַרטיי.

ענגלישע און פראַנצויזישע מלוכה־מענער שטעלען יעדעס מאָל האַלבע ווערטער, ווען עס קומט צו רייד וועגען זייערע פּלענער און צילען נאָך דער מלחמה. צוליב דעם ווערען סאָקע פאַרשפּרייט אַלערליי קלאַנגען. אַזוי רעדט מען דערפון, אַז די עלאַיס זאָלען האָבען בדעה, זיך צו שאַפען „טעריטאָריעלע זיכערהייטען" פאַר'ן פרידען, נאָכ'ן זיג איבער היטלער'ן (דאָס מיינט: צערייסען דייטשלאַנד). אין דער זעלבער צייט רעדט מען אויך, פאַרקערט, אַז הינטער די קוליסען זאָלען געמאַכט ווערען פּלענער, אָפּצושליסען אַ „פּוילען פרידען", אויב נישט מיט היטלער'ן אַליין, סאָ מיט וועלכע ס'איז אַנדערע פאַשיסטישע חברה־לייט, כדי אויף דעם אופן צו פאַרי־

וואָס מער כאָרען — אַלץ מער אידעאָלאָגישע פעסטקייט, און וואָס מער זינגער — אַלץ נענטער איז די פאַרווירקליכונג פונ'ם טרוים פון אַרבייטער קלאַס.

אין אַ סך פּרטים, אויב אפילו אין אַ קלענערען מאַסשטאַב, איז די אַנטוויקלונג פון נייעצען אַרבייטער־רינג כאָרען אין פאַרשידענע שטעדט פון אַמעריקע, מיט'ן ניו־יאָרקער כאָר בראש, זייער ענלעך צו די אַרבייטער־כאָרען פון אַנדערע פעלקער. דער ניו־יאָרקער אַרבייטער־רינג כאָר האָט זיך מיט פינף און צוואַנציג יאָר צוריק געגרינדעט מיט אַ גרעסערער צאָל זינגער ווי דער ערשטער אַרבייטער כאָר אין דייטשלאַנד, וואָס האָט זיך געגרינדעט מיט כמעט 80 יאָר צוריק. דער ערשטער אַרבייטער כאָר אין דייטשלאַנד איז געבוים געוואָרען פון 12 מעטאַל־אַרבייטער, בעת דער ניו־יאָרקער אַרבייטער־רינג כאָר האָט זיך אָנגעהויבען בויען מיט 38 מיטגלידער. פון אַ פּרימיטיווען איין־שטימיגען כאָר האָט זיך דער אַרב. רינג כאָר פאַרוואַנדעלט אין אַ פיר־שטימיגען, און שפּעטער, אונטער לאַזאַר וויינער'ס פירערשאַפט, אין אַ פּאָליפאָנישען (פילשטימיגען) כאָר. פון אַ רעפּערטואַר פון רוסישע און רוסיש־אָנגעהויבענע מעלאָדיעס און לידער (אונטער פּיראָזשניקאָוו'ן), איז דער כאָר איבער צו אמת־אידישע אַרבייטער, רעוואָלוציאָנערע און פאָלקס־לידער (אונטער פּאָזנער'ן, וואָס איז פריצייטיג געשטאָרבען). און איצט פאַרנעמט זיך דער אַרב. רינג כאָר אויך מיט קאָמפּליצירטע כאָראַלע ווערק, וואָס בלויז אַ הויך־קוואַליפיצירטער כאָר קען דורכפירען און ניט קיין אַמאַטאָרן־כאָר. און דער ניו־יאָרקער כאָר, וואָס באַשטייט פון אַ הונדערט און צוואַנציג זינגער, איז געוועזן די טרייב־קראַפט, וואָס האָט געצוואונגען טייל דיכטער און קאָמפּאָזיטאָרן צו שאַפען נייע ווערק, וואָס זאָלען פאַרענטפערען די נויטען פון די כאָרען. און עס איז ניט קיין וואונדער, וואָס מיט דעם וואוקס פון די כאָרען וואַקסט אויך דער אינטערעס צו זיי און אויך דער באַגריף, אַז די כאָרען זיינען איינע פון די שענסטע און ווירקזאַמסטע טיילען פון דער אַרבייטער באַוועגונג. אַזוי איז עס מיט די אַרב. רינג כאָרען איבער'ן לאַנד. אַזוי איז עס מיט די כאָרען פון דער „אינטערנעשאַנעל", אָנגעפירט אויך פון לאַזאַר וויינער'ן און די גאַנצע אַרבייטער באַוועגונג וואָלט זייער אַ סך געוואונען ווען זי וואָלט געזוכט צו פאַרגרעסערען די צאָל כאָרען, די צאָל זינגער, און אויך פאַרשטאַרקען די פּאָזיציעס פון די כאָרען.

דער יום־טוב פון אַרבייטער־רינג כאָר איז באמת אַ יום־טוב פון דער גאַנצער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, ווייל ער האָט באַשיינט אַ סך שמחות און אונטערנעמונגען פון אידישע אַרבייטער אָרגאַניזאַציעס. זעלטען ווען עס איז פאָרגעקומען אַ גרויסע שמחה אָדער אַ גרויסע אונטערנעמונג אין דער אידישער אַרבייטער באַוועגונג, וואו דער אַרבייטער רינג כאָר זאָל ניט געוועזן זיין פאַרטראָטען.

היטען דעם דייטשן קאפיטאל פאר א רעוואלוציע פונ'ם ארבייטער קלאס.

איז דאריבער געקומען אין ריכטיגען מאמענט א מאניפעסט פון דער מעכטיגער לעיבאר־פארטיי אין ענגלאנד, וועלכע ווערט אלגעמיין באטראכט אלס די קומענדיגע רעגירונגס־פארטיי פון ענגלאנד.

אין דעם מאניפעסט ווערט קודם כל אונטערגעשטראכען, אז קיין שום קאמפראמיס טאר נישט געשלאסען ווערען מיט דעם נאצי־רעזשים. די מלחמה טאר זיך נישט ענדיגען אנדערש ווי מיט א פולשטענדיגען זיעג איבערן נאציזם. דער זיג וועט דערגרייכט ווערען מיט מיליטערישע מיטלען, דורך דער עקאנאמישער בלאקאדע און — מיט דער הילף פון די אונטערדריקטע דייטשע פאלקס־מאסען. א נייע דייטשלאנד וועט געבוירען ווערען. פוילען און טשעכאסלאוואקיע מוזען צוריק אויפגעשטעלט ווערען און עסטרייך מוז באקומען די מעגליכקייט. פריי צו אנטשיידען וועגען איר גורל. גערעכטע פאדערונגען פון אלע פעלקער מוזען באפרידיגט ווערען. אויך די פאדערונגען פונ'ם דייטשן פאלק, ווי באלד עס וועט באפרייט זיין פונ'ם היטלעריזם. מיט א באזונדערער שארפקייט זאגט זיך ארויס דער מאניפעסט געגען פלענער, צו צערייסען דייטשלאנד. און אויף א פייערליכען אופן ווערט פארזיכערט דאס דייטשן פאלק, אז ער וועט ווידער אריינגענומען ווערען אין דעם פרידליכען פארבאנד פון די ציוויליזירטע נאציעס.

ווי מען זעט, באשטייט נישט קיין שום חלוק אין די מלחמה־צילען פון דער ענגלישער לעיבאר־פארטיי און פון דער דייטשער ארבייטער באוועגונג.

צולעצט דריקט דער מאניפעסט נאך אויס, די סימפאטיע פונ'ם ענגלישען ארבייטער קלאס מיט פינלאנד, זאגענדיג, אז די פארניכטונג פון פינלאנד וואלט געווען א גרויס אומגליק פאר דער מענשליכער ציוויליזאציע.

די לעיבאר־פארטיי פירט איצט א קאמפעין איבערן לאנד און מאכט באקאנט אירע מלחמה־צילען אין הונדערטער מאס־מיטינגען. די לאזונגען פון קאמפעין זיינען: קיין קאמפראמיס מיט'ן נאציזם און — א נייע וועלט פון פרידען און פרייהייט, נאכ'ן זיג. רעדענדיג וועגען דעם דאזיגען דערפאלגרייכען פראפאגאנדע־קאמפעין, זאגט דער „דעילי העראלד", ארגאן פון דער לייבאר־פארטיי: „עס זאל קיינער קיין טעות נישט האבען. מיר ווייסען גאנץ גענוי, וואס מיר מיינען, ווען מיר פאדערען, אז א נייע וועלט זאל געבויט ווערען נאך דער איצטיגער מלחמה"...

## ענגלישע קאפיטאליסטען פאדערען „פראנצויזישען" שוץ געגען די טרייד יוניאנס

מיר האבען שוין אפטמאל אנגעוויזען אויפן גרויסען חילוק אין דער באציהונג צו די טרייד יוניאנס מצד דער ענגלישער און דער פראנצויזישער רעגירונג: אין ענגלאנד שטרעבט די רעגירונג צו איינפארשטענדניש און קאאפעראציע מיט די יוניאנס אין דער מלחמה־פראדוקציע, בשעת אין פראנקרייך נוצט אויס די דאלאדיער־רעגירונג אין פולסטען מאס איר דיקטאטארישע מאכט געגען דער ארבייטער־באוועגונג און לאזט די יוניאנס דעם קאפ ניט אויפהויבען. דיינען זיך איצט די ענגלישע קאפיטאליסטען מתקנא געווען אין דער גליקליכער לאגע פון זייערע פראנצויזישע קאלעגען און זיי פאדערען, אז די רעגירונג זאל נאכטאן דעם ביישפיל פון פראנקרייך.

ביידע לענדער, פראנקרייך און ענגלאנד, זיינען צווישען זיך דורכגעקומען אין אלע פראגען פון מלחמה־ווירטשאפט. די מלחמה־הוצאות האבען זיי פאנאנדערגעטיילט צווישען זיך אין דער פראפארציע פון 60 פראצענט פאר ענגלאנד און 40 פראצענט פאר פראנקרייך. אויך דעם סטאבילען געלט־ווערט פון זייערע נאציאנאלע וואלוטעס האבען זיי זיך פארזיכערט איינער דעם צווייטען. טא איז ניט מער ווי יושר, טענה'ן די ענגלישע קאפיטאליסטען, אז אויך אויפן געביט פון ארבייט זאל אוועקגעשטעלט ווערען איינהייטליכקייט און עס זאלען איינגעפירט ווערען אין ענגלאנד די אייגענע באגרעניצונגען געגען די טרייד יוניאנס ווי אין פראנקרייך.

דער ארגאן פון דער הויכער פינאנץ „פינאנשיאל ניוס" רעקאמענדירט, אז מען זאל גלאט נאכמאכען אלץ, וואס די פראנצויזישע רעגירונג טוט אויף געגען דער פרייהייט פון די יוניאנס און דאס וועט זיין פון גרעסטען נוצען פאר דער ענגלישער פראדוקציע. אן אנדערער ארגאן פונם גרויס־קאפיטאל, די באוואוסטע צייטונג „עקאנאמיסט", רעכענט אויס די גליקען, וואס דער פראנצויזישער קאפיטאליסטען־קלאס האט דערגרייכט: 5 מיליאן מאן זיינען מאביליזירט אין פראנקרייך, א גרויסע צאל פון אט דער מאסע ארבייט אין פאבריקען, כמעט אינגאנצען אן לוין, א ריזיגע צאל פרויען און קינדער זיינען אריינגעצויגען אין דער ארבייט מיט גאנץ נידעריגע לוינען. פארוואס זאל ענגלאנד ניט טאן דאס אייגענע?

מען קען גאנץ גוט פארשטיין די אפעטיטען פון די ענגלישע קאפיטאליסטען, אבער עס ווייזט אויס, אז זיי וועלען בלייבען ביים חשק. אמת טאקע, אין ענגלאנד באווייזען זיך ביידע סימנים אין פרט פון פארשלעכטערען די ארבייטס־באדינגונגען. אין בערך 1400 פאבריקען האט דער ארבייטס־מיניסטער אפגעשאפט אלע געזעצליכע באשטימונגען וועגען ארבייטער־שוץ — אויפן סמך פון א ספעציעלען אויסנאם־געזעץ וואס גיט אים דיקטאטארישע מאכט. די ארבייטס־צייט אין די דאזיגע פאבריקען איז פארלענגערט געווארען ביז 70 שעה א וואך. אמת אויך, אז ניט תמיד האט דער מיניסטער פריער אנגעפרעגט ביי די יוניאנס, ווי עס שרייבט פאר דאס דאזיגע אויסנאם־געזעץ. אבער אין גאנצען גענומען, האבען די ענגלישע יוניאנס זיך דערהאלטען זייער פרייהייט און זייער אויטאריטעט געגענאיבער דער רעגירונג.

די ענגלישע טרייד־יוניאן באוועגונג איז היינט כמעט די איינציגע גרויסע ארבייטער־ארגאניזאציע אין אייראפע, וואס האט נאך דאס געזעצליכע רעכט אויף „קאלעקטיוו בארגעינינג" און דאס רעכט צו סטרייקען.

## ארבייטס־לוין און לעבענסמיטעל־פרייזען אין ענגלאנד

אין אלע מלחמה־לענדער קאנטראלירט די רעגירונג די פרייז־באוועגונג פון די לעבענסמיטלען. אבער ווי שטרענג עס זאל ניט זיין דער קאנטראל, האלטען די פרייזען פארט אין איין וואקסען און דערמיט פארקלענערט זיך אויטאמאטיש דער פאקטישער לוין פון די ארבייטער (דער „רעאל־לוין"). אין ענגלאנד זיינען באשטימט געווארען פון דער רעגירונג 17 קאמיסיעס פארן קאנטראל פון פרייזען. אין אלע קאמיסיעס גייען אריין פארשטייער פון די יוניאנס. אין צוזאמענהאנג מיט די געהעכערטע לעבענסמיטלען־פרייזען האבען די יוניאנס דורכגעזעצט גרויסע לוין־העכערונגען. לויט ווי עס ווערט אפיציעל איבערגעגעבען זיינען ביים אנהויב פון איצטיגען יאר געהעכערט געווארען די לוינען פאר א מאסע פון בערך 3 מיליאן 700 טויזענט ארבייטער. אין געלט באטרעפען די לוין־העכערונגען איבער 650 טויזענט פונט א וואך (ד. ה. אין אמעריקאנער געלט בערך 2 מיליאן מיט 600 טויזענטער דאלאר). כמעט אלע קאלעקטיווע אפמאכען זעען פאר, אז אין פאל פון ווייטערע פרייז־העכערונגען פון לעבענסמיטלען זאל דער לוין אויטאמאטיש געהעכערט ווערען.

ניט אזוי גרינג קומט אן די יוניאנס צו פארטיידיגען דעם לעבענס־סטאנדארד פון די ארבייטער. עס ווערען געפירט שווערע קאמפען. לויט די סטאטיסטישע ציפערען, וועלכע ווערען איצט איבערגעגעבען פונם ארבייטס־מיניסטעריום פאר די ערשטע דריי מאנאטען פון דער מלחמה, קומט אויס, אז אין אט דער צייט זיינען פארגעקומען 259 ארבייטס־קאנפליקטען, וואס האבען טיילווייז געפירט צו סטרייקען. די אלע קאנפליקטען האבען ארומגענומען 104 טויזענט ארבייטער, דער איבעררייס פון ארבייט האט באטראפען 307 טויזענט ארבייטס־טעג. אין די זעלבע מאנאטען פון יאר 1938 זיינען פארגעקומען 242 טויזענט קאנפליקטען מיט א צאל סטרייקערס פון 80 טויזענט ארבייטער, מיט אן איבעררייס פון 270 טויזענט ארבייטס־טעג.

## שארפע קריטיק פון דער לייבאר־פארטי געגען דער מלחמה־ווירטשאפט פון דער בריטישער רעגירונג

די בריטישע לייבאר־פארטיי שטייט פעסט אויף דער פאזיציע, אויף וועלכער זי האט זיך אוועקגעשטעלט באלד ווי די מלחמה האט אויסגעבראכען. זי שטיצט מיט אלע כוחות די נאציע אין דער מלחמה געגען דייטשלאנד, אבער זי באקעמפט ווייטער אזוי ווי פריער די „נאציאנאלע" רעגירונג פון די טאריס.

מיט א באזונדערער שארפקייט זיינען לעצטנס ארויסגעטראטען די דעפוטאטען פון דער לייבאר־פארטיי אין פארלאמענט אין דער פראגע פון ארבייטסלאזיגקייט, וועלכע הערשט איצט אין ענגלאנד כמעט ניט ווייניגער ווי פאר דער מלחמה. די צאל ארבייטסלאזע באטרעפט נאך אלץ ארום 1 מיליאן מיט 600 טויזענט און די לייבאר־פארטיי קלאגט אן די רעגירונג, אז זי ווענדט ניט אן די נויטיגע מיטלען, צו פארזארגען ארבייט פאר אלע, וואס ווילען און קענען ארבייטען. ווען דער פרעמיער־מיניסטער האט אויף די אטאקעס פון דער לייבאר־פארטיי געענטפערט, אז מען זאל האבן געדולד מיטן ארבייטסלאזען־פראבלעם ביז מען וועט האבען געוואונען די מלחמה, האט אים געענטפערט דער באוואוסטער לייבאר־פירער גרינוואוד, אז אזוי קען מען די מלחמה ניט געווינען. אויב אן ארמיי פון ארבייטסלאזע ווערט אריינגעווארפען אין נויט און פארצווייפלונג, מיינט דאס אליין שוין א פארלוירענע מלחמה.

## ארום דעם ארבעטסלאזען־פראבלעם אין פראנקרייך

אין איין איינציגען פונקט איז די לאגע אויפן ארבייטס־מארק אין פראנקרייך בעסער ווי אין ענגלאנד. די

---

הערי שעכטער:

# דער קאטער

וואס איך בין, פרעגט איר? כע, כע, נו און אין מיין נאז
קאנט איר נישט דערקענען? וואס איז א איד? חע, וואס?
אזוי שווער צו פרעגען? וועל, „אי גיוו יו טהרי געסעס",
אם, אם, אם. געטראפען. א קאטער ביי דרעסעס.

איז דער שוין גוט, פיין? טויג עס ערשט אויף כפרות.
ווייל, הערט איר מיינע ליבע פריינד, אזויפיל צרות
וויפיל דער קאטער שטייט זיך נעבאך אויס פון סלעק,
איז נישט צום באשרייבן. כ'זאג אייך, פשוט א שרעק.

אט נעמט א שטייגער פון יאנואר ביז אפריל.
נישטא קיין ארבייט, חאטש צוליב פרעסט איז שטיל.
וואלט דאך על פי יושר, ווי זאגט איר, דער טאגאט מען
באטראכט ברענגען א שטיקל ארבייט? חייבט זיך אן אויפס ניי
א שטיקעלע סלעק, אט אזוי זיך, ביז ארום ראשון.
היינט אז ס'קומט דער הייסער דזשולייַ, וועך חייבט עפעס אן?
רעגולער איז אט דער עפעס א „לעדזשיטימייט" סלעק.
און אט אזוי, ליבע פריינט, לויפט דער סיזאן אוועק.

חאלטען מיר שוין אזוי א קיסח-לן פשוואליע
ביים חודש אוגוסט. און אונזער טייערע דאליע
ווערט נאך אלץ נישט בעסער. א נעכטיגער טאג. פארקערט,
אין דער צייט וואס מיר קאטערס ליגען דא אין דר'ערד,
זיצט זיך דער באס אין די מאונטענס ווייט פון דער תיים
און פעשעט זיין בייכעל דארט ביי א פינאקעל גיים.

ערשט אין סעפטעמבער חייבט מען זיך אן צו רעש'ן.
מ'לויפט זוכען א דזשאב, א טאג ארבייט נאשען.
ווערט א געלויף, א געיעג, שוין גלייך פון באגינען.
אין שאפ, אין מארקעט, ס'זשומעט ווי די בינען.
געלינגט עס איינעם א טאג ארבייט דערגרייכען,
קען זיך צו אים קיין ראטשילד נישט גלייכען.
מיט וואס'ערע שטאלץ ער לויפט צום פענסטערל דארט.
„אי וואירקינג קארד, פליז". אך! ס'ארט געלדען ווארט...
אזא גליק, אזא נס. ווער קען זיך צו אים גלייכען ווער?
אסור אויב א סוויפסטייק געווינער פרייט זיך מער.

און אט אזוי לויפט זיך אקטאבער, נאוועמבער,
ביז ס'רוקט זיך אונטער דער הייליקער דעצעמבער
מיט זיינע תאוות וואס נעמען גיט קיין עק.
דאס איז זיך גלאט אזוי, א מין האלידעי־סלעק.
נאך אלעמען, איז מען דאך פארט א איד א פיינער,
טאג מען כאטש אין קריסטמאס זיך אויסרוען די ביינער.
וואס, ניין? נאך אזויפיל צרות פון קעלטען און פרעסט
זייען מיר נישט ענטייטלט צו א ביסעלע רעסט?
און אט אזוי, ליבע פריינט, ווי איר זעט גאנץ קלאר
לויפט אדורך אן א שטיקל ארבייט, א קיילעכדיג יאר.

דאס איז אלץ גערעדט פון קאטערס „אנאטעפשטע".
נעמט ווייטער די אנדערע, די „הויכגעשעצטע"...
די וואס האבען יא „א הויז", מ'שטיינס געזאגט א דזשאב.
מ'כלופערט א מארטגיידזש אויף אן אייגענעם שאפ,
האבען זיי צרות פון גאנץ אנדערע „ריזענס".
זיי ליידען פון א חולאת וואס רופט זיך „סיזאנס".

א סיזאן איז אזא מין קליינטשיק בריאה'לע,
אן ארעמס, א דארס, אן אויסגעמאגערט קינ'עלע.
אזא פינצל. איר קענט עס נעמען אונטער'ן ארעם,
און דויערט געוויינטלאך פון אסתר תענית ביז פורים.
דאכט זיך, ערשט נעכטען ווי די ארבייט האט געברענט,
ס'האט פשוט געריסען פון אונטער די הענט.
אויף צומארגענס, אט — ברוך־הבא, א נאסט אין שאפ,
טיפטער סלעק איז געקומען „קלעיפען" דעם דזשאב.
יא, מיר גייען דורכ'ן לעבען ווי אין טונקעלע אויף „טעסטע"...
אט דאס, ליבע פריינד, איז א קאטער ביי דרעסעס.

צאָל אַרבייטסלאָזע איז אַן גלייכען אַ קלענערע. דער פראַנצויזישער אַרבייטס־מיניסטער פּאָמאַרע האָט צוגעזאָגט גאָר אין גיכען אַ ראַדיקאַלע לייזונג פון דער פראַגע. ער האָט ערקלערט אין דער פּרעסע, אַז „אין עטליכע חדשים אַרום — אָדער אפשר טאַקע אין עטליכע וואָכען אַרום — וועט אין פראַנקרייך ניט זיין קיין איין מאַן אָדער פרוי, וואָס קען און וויל אַרבייטען, און וואָס זאָל ניט געפינען קיין אַרבייט. מיט איין וואָרט — אַלע פראַנצויזען וועלען האָבען אַרבייט".

דער אַרבייטס־מיניסטער מאַכט דערביי דעם פאָלגענדען חשבון: פאַראַן איצט אין פראַנקרייך אינגאַנצען 325 טויזענט רעגיסטרירטע אַרבייטסלאָזע. אַ העלפט פון דער דאָזיגער צאָל קענען ניט אַרבייטען, אַ געוויסע צאָל זיינען אין עלטער פון אַריבער 65 יאָר, פאַרבלייבען אַן ערך 150 טויזענט אַרבייטסלאָזע, פאַר וועלכע עס מוז באַזאָרגט ווערען אַרבייט. אין פּאַריז ווערען איצט אַריינגענומען אין דורכשניט נייע 50 אַרבייטער יעדע שעה אין טאָג.

פאַר דער יוגענט אין עלטער פון 14 ביז 18 יאָר זיינען געשאַפען געוואָרען ספּעציעלע צענטרען, וואו זיי ווערען געלערנט פאַרשידענע אַרבייטס־פאַכען און באַלד נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך אויסגעלערנט אַן אַרבייט, ווערען די יוגענטליכע אַריינגענומען אין דער מלחמה־פּראָדוקציע. אויך פרויען ווערען מאַסענהאַפט אַריינגענומען אין דער אַרבייט פאַר דער נאַציאָנאַלער פאַרטיידיגונג.

דער מיניסטער האָט צוגעזאָגט, אַז ביסלעכווייז וועלען אויך די פרעמדע בירגער, אין ערשטער ריי פליכטלינגע, צוגעלאָזט ווערען צו דער אַרבייט. שוין איצטער זיינען צוגעלאָזט געוואָרען אַ גרויסע צאָל פרעמדע בירגער צו דער אַרבייט אין קלענערע פאַבריקען.

די פריילעכע בשורות פון דעם אַרבייטס־מיניסטער און זיינע חשבונות האָבען דעם איינעם פעלער, אַז ער רעכענט זיך נאָר מיט דער צאָל רעגיסטרירטע אַרבייטס־לאָזע, די פאַקטישע צאָל אַרבייטסלאָזע איז אָבער אַ סך אַ גרעסערע.

### נאָך דער קאָנפערענץ פון דער ענגלישער און פראַנצויזישער טרייד יוניאָן באַוועגונג

מיר האָבען געבראַכט אין לעצטען נומער אַ באַריכט וועגען דער פאַראייניגטער קאָנפערענץ פון די ענגלישע און פראַנצויזישע טרייד־יוניאָנס, וואָס איז לעצטענס אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין פּאַריז. די אַרבייטער־פּרעסע פון ביידע לענדער דריקט אויס די גרעסטע באַפרידיגונג איבער די רעזולטאַטען פון דער קאָנפערענץ. דער ענגלישער טרייד יוניאָן אָרגאַן „לייבאָר" זאָגט, אַז דאָס איז געווען די בעסטע מאַניפעסטאַציע פאַר דער אַנטשלאָסענקייט פון דער אַרבייטער־באַוועגונג צו ברענגען יעדען קרבן פאַרן זיג פון דער דעמאָקראַטיע, ווייל די צוקונפט פון טרייד יוניאָניזם איז אָפּהענגיג פון דער דעמאָקראַטיע. אין דער זעלבער צייט האָט אָבער די קאָנפערענץ אויך געבראַכט צום אויסדרוק די אַנטשלאָסענקייט פון דער אַרבייטער־באַוועגונג צו לאָזען הערען איר שטים אין אַלע מלוכה־אַנגעלעגענהייטען, ווייל אַן אמת'ער זיג קען ניט דערגרייכט ווערען, ווען די אַרבייטער, וואָס שטייען אין די ערשטע רייען פון קאַמף, אין פאַבריק און אויפן מלחמה־פראָנט, זאָלען ניט האָבען דאָס וואָרט און די דעה, וואָס ס'קומט זיי לויט אונזערע באַגריפען פון דעמאָקראַטיע.

דער ענגלישער יוניאָן־פירער וואַלטער סיטרין האָט אין אַן אינטערוויו אין דער פּרעסע קאַטעגאָריש אָפּגעלייקענט די לעכערליכע און בייזוויליגע קלאַנגען, וואָס זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען, אַז די ענגלישע יוניאָן־דעלעגאַטען וואָלטען האָבען געפאָדערט אויף דער קאָנפערענץ, אַז מען זאָל אַריינלאָזען קיין פראַנקרייך אַ געוויסע צאָל אַרבייטסלאָזע פון ענגלאַנד. „דאָס פּראָבלעם פון אַרבייטסלאָזיגקייט אין ענגלאַנד" — האָט ער ערקלערט — „מוז געלייזט ווערען אין ענגלאַנד גופא. פאַר אַרבייטסלאָזע ברידער מוז אַרבייט באַזאָרגט ווערען מיט יוניאָן־וויידזשעס, אָבער די יוניאָן וועט זיי ניט פאַרסחר'ן אין אַנדערע לענדער".

דער פראַנצויזישער יוניאָן־פירער זשוהאָ האָט, אין אַ סטייטמענט אין דער פּרעסע, ספּעציעל אונטערגעשטראָכען דעם פאַקט, אַז די קאָנפערענץ, וואָס האָט אַזוי בולט אַרויסגעוויזען די פולע איינִיגקייט צווישען דער ענגלישער און פראַנצויזישער אַרבייטער־באַוועגונג, האָט אַ סוף געמאַכט צו אַלע אינטריגעס פון דער פרעכער היטלער־פּראָפּאַגאַנדע, וועלכע וויל אַריינטראָגען פיינטשאַפט און קנאה צווישען ענגלישע און פראַנצויזישע אַרבייטער.

# גענ. עקזעקוטיוו פאַר געגענזייטיגע טרייד אַגרימענטס



ערקלערענדיג אַז די געגענזייטיגע טרייד אַגרימענטס מיט אַנדערע לענדער וואָס סעקרעטאַרי האַל האָט געשלאָסען האָט פאַרקלענערט די איינפיר צאָלונגען אויף סחורות פאַר פאַרבּרויכער און אַז די שכירות פון אַרבייטער אין אינדוסטריען וואָס ווערען באַשיצט פון הויכע טאַריפען זיינען געוויינליך נידעריגער ווי אין די דורכשניטליכע אינדוסטריען אין אַמעריקע, האָט די גענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד ביי איר זיצונג דעם זעקסטען פעברואַר אָנגענומען אַ רעזאָלוציע צו פאָדערען פון די קאָמיטעס פון קאָנגרעס אַז זיי זאָלען רעקאָמענדירען דאָס פאַרלענגערען די פּראָגראַם פאַר נאָך דריי יאָר. די רעזאָלוציע לייענט זיך ווי פאָלגט:

„אין די לעצטע פינף אַ האַלב יאָר, זינט דער פּראָגראַם פאַר געגענזייטיגע טרייד אַגרימענטס איז אָנגענומען געוואָרען אין קאָנגרעס, מיטן צוועק צו העלפען דער עקאָנאָמישער ערהאָלונג דורך פאַרגרעסערען דעם אויסלענדישען האַנדעל, איז עס געוואָרען אַלץ קלערער, אַז די שטעלונג פון די אַרבייטער צו הויכע טאַריפען דאַרף רעווידירט ווערען.

„פאַר אַ משך פון איבער פופציג יאָר האָט מען די אַרבייטער איינגערעדט, אַז הויכע איינפיר אָפּצאָלען אויף אויסלענדישע סחורות זיינען נייטיג אום אויפצוהאַלטען זייערע סטאַנדאַרדס פון שכירות. אין דער צייט וואָס אַ גאַנץ קליינער טייל פון דער אַרבייטער באַפעלקערונג — בלויז אַרום צען פּראָצענט — ווערען באַשעפטיגט אין די אינדוסטריען וואָס געניסען פון שוץ־טאַריף, זיינען די שכירות פון אַט די אַרבייטער צום גרעסטען טייל נידעריגער ווי די דורכשניט שכירות אין דער אַמעריקאַנער אינדוסטריע אין אַלגעמיין. דר. איזידאָר לובין, קאָמישאָנער פון לייבאָר סטאַטיסטיקס, האָט עס קלאָר באַוויזען אין זיין עדות זאָגען פאַר דער „הויז וועיס און מינס קאָמיטע". ווען ער האָט באַוויזען, אַז די 9 וויכטיגסטע אינדוסטריען וועלכע האָבען זיך באַקלאָגט אויף דער פאַרקלענערונג פון טאַריפען דורך די טרייד אַגרימענטס, האָבען דורכשניטליך געצאָלט זייערע אַרבייטער אין 1937 בלויז 54.9 סענט אַ שטונדע, אין דער צייט וואָס די דורכשניט שכירות פאַר די אַרבייטער אין עקספּאָרט אינדוסטריען איבערן לאַנד איז געווען 76.2 סענט פער שטונדע. די העכערע שכירות דאָ אין לאַנד ווערט פאַראורזאַכט ניט פון די הויכע אָפּצאָלען נאָר פון אַנדערע פאַקטאָרען. צווישען זיי דאַרפען דערמאָנט ווערען: דער גרויסער היימישער מאַרק, ניט געשטערט דורך טרייד באַריערען און פאַרבאָטען; דאָס פעהיגע באַנוצען זיך מיט מאַשינערי און מענשען קראַפט; גוטע פאַרוואַלטונג; די לייכטקייט צו קריגען רוי־מאַטעריאַלען; גענוג קאַפּיטאַלען, און לעצטענס, דאָס וואָס די אַרבייטער זיינען אָרגאַניזירט אין די וויכטיגסטע אינדוסטריען אין אַמעריקע.

„די ערפאַרונג פון דער אינטערנעשאַנאַל לעידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן מיט דער פּאָליסי פון הויכע טאַריפען, וואָס איז אָנגענומען געוואָרען אין 1930, וועלכע האָבען פאַרקלענערט דעם אימפּאָרט, איז געווען גאַנץ ווייט פון ערמוטיגענד. פון 1929 ביז 1932 איז די באַשעפטיגונג אין דער פרויען קליידער אינדוסטריע געפאַלען אויף 20 פּראָצענט און די סומע וואָס איז אויסגעצאָלט געוואָרען אין שכירות איז אין דער צייט געשניטען געוואָרען אין האַלב. כאָטש מען קען ניט וואַרפען די גאַנצע שולד פאַר דעם צוריקגאַנג אויף דעם טאַריף פון 1930, האָט דער טאַריף אָבער פיל געהאָלפען צו פאַרגרעסערען דעם קריזיס און צו צעשטערען די אינדוסטריע. אַן ענליכע ווירקונג האָט עס אויך געהאַט אין אונזער אינדוסטריע.

„טראָץ דעם, האָט די אינטערנעשאַנאַל לעידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן אַ באַשטימטען אינטערעס אין אַ געניגענדען מאָס שוץ. ביי די עטלעכע פאַרהערען וואָס זיינען אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין 1938 אין פאַרבינדונג מיט די פאַרהאַנדלונגען וועגען אַ טרייד־אַגרימענט מיט ענגלאַנד, האָט די אינטערנעשאַנאַל צוגעשטעלט אַ „בריוו" אויסדריקענדיג איר אינטערעס אין אַנטהאַלטען אַט דעם שוץ פאַר דער פרויען קליידער אינדוסטריע. שפּעטערדיגע אַנטוויקלונגען האָבען באַרעכטיגט אונזער צוטרוי, אַז די לעגיטימע אינטערעסען פון דער אינדוסטריע וועלען ווי געהעריג איז באַשיצט ווערען. אַזוי געפינען מיר, אַז טראָץ דעם וואָס מען האָט פאַרקלענערט דעם אָפּצאָל אויף וואָלענע קליידער אין דעם טרייד אַגרימענט מיט ענגלאַנד, זיינען די פאַרקלענערונגען ניט געווען צו גרויס. דורך דעם יאָר 1939 איז דער אַריינפיר פון די סאָרטען קליידער פאַרגרעסערט געוואָרען ניט פיל. אין עלף מאָנאַטען פון דעם יאָר האָט דער אַריינפיר אָנגעטראָפען $1,178,000 אַנשטאָט $1,114,000 פאַר די זעלביגע עלף מאָנאַטען פון 1938. אַ פאַרגרעסערונג פון בלויז $64,000, ווייניגער ווי זעקס פּראָצענט.

„די פאַרקלענערונג פון אָפּצאָל אויף אַריינגעפירטע קאָטען קליידער און קאָטען און רייאָן געשטריקטע אונטערוועש זיינען געמאַכט געוואָרען בלויז אויף די העכער געפּרייזטע וואָרעס. די פאַרקלענערונג פון אָפּצאָל איז אין אַלגעמיין ניט אָנגעווענדעט געוואָרען אויף די ביליגע סאָרטען קליידער וואָס ווערען אַריינגעפירט פון יאַפּאַן. אין אַלע פאַלען זיינען די סחורות וואָס זיינען אַריינגעפירט געוואָרען געווען זייער קליין אין פּראָפּאָרציע צו די וואָס זיינען פּראָדוצירט געוואָרען דאָ אין לאַנד.

„אונטער דעם איינפלוס פון די טרייד אַגרימענטס איז דער עקספּאָרט פון סחורות פון אַמעריקע פאַרגרעסערט געוואָרען פון די איין ביליאָן זעקס הונדערט מיליאָן דאָלאַר וואָס האָט אָנגעטראָפען אין 1932 צו איבער דריי ביליאָן דאָלאַר אין 1938, אין דער צייט וואָס דער אימפּאָרט פון אויסלענדישע סחורות איז אין דער זעלבער צייט געשטיגען בלויז פון איין ביליאָן דריי הונדערט מיליאָן דאָלאַר אויף צוויי ביליאָן דאָלאַר. אַט די העכערונג אין מסחר האָט טיילווייז באַווירקט די מאָס באַשעפטיגונג אין דער פרויען קליידער אינדוסטריע וועלכע איז דורך דער צייט געשטיגען אויף 47 פּראָצענט.

„אויף אַזוי פיל ווי אַט די פּראָגראַם פון טרייד אַגרימענטס האָט פאַרקלענערט די אָפּצאָל אויף סחורות פאַרן פאַרבּרויך, האָבען די אַמעריקאַנער פאַרבּרויכער אַלס כלל און די מיטגלידער פון דער אינטערנעשאַנאַל לעידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן צווישען זיי, בענעפיטירט. עס איז צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע וואָס די פאַראייניגטע שטאַטען האָט אָנגענומען אַ מעטאָדע פון מאַכען טאַריפען וואָס נעמט אין אַכט די אינטערעסען פון די פאַרבּרויכער.

„די מעטאָדע און דער אופן פון די טרייד אַגרימענטס פּראָגראַם פאָדערען געשטיצט צו ווערען. די איינזייטיגע האַנדלונג פון באַשטימען טאַריפען איז פאַרביטען געוואָרען דורך דער פּראָגראַם פון פאַרהאַנדלען מיט די אַנדערע לענדער וועגען טאַריף, וואָס עס האָט געבראַכט דערצו אַז אין דער צייט וואָס די פאַראייניגטע שטאַטען האָבען באַשיצט זייערע אינטערעסען, האָט די נייע מעטאָדע זיך אַרויסגעוויזען צו זיין פאָרטיילהאַפט פאַר ביידע צדדים, — פאַר אונזער לאַנד און פאַר די אַנדערע לענדער. עס איז זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז די פּראָגראַם פון טרייד אַגרימענטס איז אויך אַ גוטער מיטעל צו פאַרגרעסערען דעם גוטען ווילען און פרידליכע באַציהונגען צווישען פעלקער, ווייל עס פאַרבייט די מעטאָדע פון איינזייטיגער האַנדלונג און פאַררעכענען זיך מיט די לענדער וואָס שטעלען אונז ניט צופרידען, מיט דער מעטאָדע פון פריינטליכע פאַרהאַנדלונגען. די פאַרגרעסערטע קויף־קראַפט פון די אַרבייטער אין די אינדוסטריען וואָס אַרבייטען פאַר עקספּאָרט אַזוי גוט ווי די אין טראַנספּאָרט און מסחר דורך דעם פאַרגרעסערטען אויסלענדישען האַנדעל, האָט געשאַפען אַ גרעסערע נאָכפראַגע אויף סחורות פון אַנדערע אינדוסטריען און טריידס וואָס זיינען ניט דירעקט פאַרבונדען מיט דעם אויסלענדישען האַנדעל. עס איז קלאָר, אַז אַזאַ פּראָגראַם פאָדערט די שטיצע פון דער אַרבייטער באַוועגונג.

„אַט די אורזאַכען מאַכען דער אינטערנעשאַנאַל לעידיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן צו פאַרלאַנגען פון די געהעריגע קאָמיטעס פון קאָנגרעס, פון פּרעזידענט און פון די הויפּט פירער פון די רעגירונגס אָפּטיילונגען וואָס גיבען זיך אָפּ מיט פאַרהאַנדלען די טרייד אַגרימענטס, אַז דער טרייד אַגרימענטס געזעץ זאָל פאַרלענגערט ווערען פאַר נאָך אַ פּעריאָדע פון דריי יאָר און זאָל ניט געמאַכט ווערען ניט ווירקזאַם דורך שטערענדע אַמענדמענטס".

# אין דער אמעריקאנער ארבעטער באוועגונג

»«

(איבערבליק) פון ש. פ.



נייע „פרידענס אפענסיווע" איז דעם מאנאט געמאכט געווארן אין דעם ברודער קריג אין דער אמעריקאנער טרייד יוניאן באוועגונג. א פרידענס אטאקע מיט וועלכער די איראפעאישע מלוכות וואלטען זיך אסור געדארפט שעמען. ווי יעדע אטאקע וואס ווערט געמאכט פון קריגס פירענדע צדדים האט אויך די פרידענס אטאקע ניט באצוועקט סתם צו ברענגען פרידען, נאר צו ברענגען פרידען אויף די באדינגונגען פון דעם אנגריפענדען צד... און ווי געוויינליך פירען אזוינע אפענסיוועס ניט צו פרידען נאר צו א פארשטארקטען און מער פארביטערטען קריג.

אנגעהויבען די פרידענס אפענסיווע דאס מאל האט פרעזידענט וויליאם גרין פון דער פעדערעישאן. ביי דער זיצונג פון עקזעקוטיוו קאונסיל פון דער פעדערעישאן אין מיאמי, האט גרין זיך געווענדעט מיט א טעלעגראמע צו פרעזידענט רוזוועלט אין וועלכער ער האט ערקלערט, אז עס וואלט געווען ניט מער ווי רעכט, אז פרעזידענט רוזוועלט זאל פארעפענטליכען די ענטפערס פון ביידע צדדים אויף זיין איינלאדונג צו באנייען די פרידענס פארהאנדלונגען צווישען דער א. פ. ל. און דער סי. אי. א. דאס איז געווען אן אומדירעקטער אבער קלוגער ענטפער אויף טאבינ'ס סטייטמענט, וועלכער האט באשולדיגט די פירער פון ביידע צדדים גלייך אין ניט דערלאזען צו שלום.

גרינ'ס סטראטעגיע האט געבראכט די ערווארטעטע רעזולטאטען. פרעזידענט רוזוועלט האט ביי א פרעס קאנפערענץ ערקלערט אז לואיס האט אנטזאגט צו באנייען די פארהאנדלונגען ווייל „עס קען ניט ברענגען קיין גוטעס אדער נוצליכען צוועק צו באנייען די פארהאנדלונגען אין דעם איצטיגען מאמענט."

גרין האט דעם סטייטמענט פון פרעזידענט אויסגענוצט צו געווינען די עפענטליכע מיינונג און האט דירעקט אפעלירט צו די מיטגלידער פון די סי. אי. א. יוניאנס אז זיי זאלען צווינגען לואיס'ן באנייען די פארהאנדלונגען.

דזשאן ד. לואיס האט פרובירט מאכען א געגען־אטאקע אבער עס איז אים ניט געלונגען, ער איז ארויסגעקומען אין א רעדע פאר דעם יוגענס קאנגרעס מיט א פארשלאג, אז ביידע טרייד יוניאן גרופען זאלען פארופען קאנווענשאנס פארן 16טען מארטש אין דעם זעלבען פלאץ און זאלען אפשטימען פאר פאראייניגען די יוניאנס פון ביידע לאגערן אין איין צענטראלער קערפערשאפט. אום צו פארזיכערען אז ער האט דערביי ניט קיין פערזענליכע אמביציעס, האט ער פארשפראכען ניט צו לויפען פאר קיין אמט אין דער פאראייניגטער ארבייטער פעדעראציע.

אויב אבער לואיס האט געדענקט, אז עמיצער וועט אננעמען אז ער האט געמיינט ערענסט מיט דעם פארשלאג, האט ער געהאט א טעות. ניט נאר האבען די פירער פון דער פעדערעישאן גלייך אנגעוויזען אז דאס איז ניט מער ווי א מאנעווער, ווייל ווען לואיס וואלט געמיינט ערענסט וואלט ער דעם פארשלאג געשיקט צו דער פעדערעישאן און ניט פארעפענטליכט אים ביי א מאסען פארזאמלונג, נאר אפילו פירער פון דער סי. אי. א. האבען צוגעגעבען אז דאס איז געווען בלויז א פאליטישער צוג אזוי ארונטערצואווארפען פון זיך די פאראנטווארטליכקייט פאר אנהאלטען די שפאלטונג און עס איז ניט געמיינט ערענסט. די פירער פון דער פעדערעישאן האבען נאך דערצו אנגעוויזען, אז אין דעם נייעסטען פארשלאג פון לואיס'ן איז אייגענטליך נישטא קיין נייעס; אז עס איז דער זעלבער פארשלאג וואס די סי. אי. א. האט געמאכט באלד נאכדעם ווי די קאנפערענצען צווישען די קאמיטעס זיינען צעבראכען געווארן, דאס איז, אז די פעדערעישאן זאל ארייננעמען אלע דואל יוניאנס וואס די סי. אי. א. האט געסטארטעט און נאכדעם זאל מען זוכען אויסצוגלייכען די יורידיקציעס. דאס וואלט געמיינט — האבען אנגעוויזען די פעדערעישאן פירער — ניט קיין שלום נאר רייסערייען אינעווייניג אין דער פעדערעישאן צווישען צוויי יוניאנס אין יעדען טרייד. אזא פרידען קען קיין נוצען ניט ברענגען און קען ניט זיין דויערהאפט. אום צו שאפען פרידען, איז נויטיג קודם כל צו פאראייניגען אדער אויסגלייכען די שטרייטיגקייטען אין די אלע יוניאנס וואס מאנען יוריסדיקציע אויף די ארבייטער אין זעלבען טרייד און ערשט דאמאלס ארייננעמען זיי אין דער פעדערעישאן.

## פארשארפטער קאמף אויפין פאליטישען און אינדוסטריעלען געביט

דער רעזולטאט פון דער נייעסטער שלום אפענסיווע, איז א פארשארפטער קאמף אויף דער גאנצער ליניע. די רייסערייען אויף די פיקעט ליינס, אין די געריכטען און פאר דער לעיבאר באארד האבען זיך פארשטארקט. די נעשאנאל לעיבאר רילעישאנס באארד ווערט אטאקירט פון ביידע צדדים און מוח זיך פארטיידיגען אנשטאט צו טאן איר ארבייט פון צווינגען די פארביסענע בעלי בתים נאכצוקומען דעם געזעץ. אלס רעזולטאט פון די רייסערייען און אטאקעס פון די ארבייטער פירער אויף דער לעיבאר באארד און איר ארבייט, ווערט איצט דער גאנצער לעיבאר רילעישאנס אקט, די אזוי גערופענע מאגנא קארטא פון די אמעריקאנער ארבייטער געשטעלט אין געפאר.

די פראגרעסיוו מאין ווארקערס, די א. פ. אוו ל. אפאזיציע יוניאן צו דער יונייטעד מאין ווארקערס, האט דעם מאנאט אנגעהויבען א קאמף אין די געריכטען פון פענסילווייניע געגען דעם טשעק־אף סיסטעם, אויף וועלכע די מאינערס יוניאן איז אנגעוויזען מיט איר קאנטראל. די „פראגרעסיוו" האט פארקלאגט די יונייטעד מאין ווארקערס יוניאן און די בעלי בתים, פאר וועלכען צווינגען א פאר הונדערט מאינערס וואס ארבייטען אין דער קאמעראן קאליערי און זיינען מיטגלידער אין דער פראגרעסיוו יוניאן, איינצושטימען אז די פירמע זאל ארונטערנעמען פון זייערע שכירות די דיוס פאר דער „יונייטעד".

פארשטייט זיך אז דא גייט ניט אום די דיוס פון א פאר הונדערט ארבייטער וואס שפילט א גאנץ קליינע ראליע אין אזא גרויסע און רייכע יוניאן ווי די מאין ווארקערס. עס גייט אום דעם, וואס אויב עס זאל געלינגען צו ערקלערען דעם טשעק־אף סיסטעם אומגעזעצליך, וועט די עקזיסטענץ פון דער יונייטעד מאין ווארקערס יוניאן פיל אפגעשוואכט ווערען. די מאינערס ארבייטען ניט אין גרויס־שטעט און צענטערס וואו מען קען אויפהאלטען א צענטראלען אפיס וואו די מאינערס זאלען קומען צאלען זייער דיוס. זיי זיינען מערסטענס צעווארפען אין קליינע דערפלעך איבער'ן לאנד. איבער דעם זיינען די מאינערס געווען די ערשטע איינצושטעלען דעם טשעק־אף סיסטעם. ווען דאס זאל פארבאטען ווערען וועט די יוניאן אן ספק פארלירען דעם קאנטראל פון פילע מאינס, וואו די ארבייטער צאלען דיוס בלויז אויס מורא צו פארלירען דעם דזשאב. וואס איז נאך ערגער, די ניי־אריינגעקומענע ארבייטער אין דער אינדוסטריע — און די ארבייטער בייטען זיך דארט אפט, וועלען ניט קענען געצוואונגען ווערען זיך אנצושליסען אן דער יוניאן. דער גאנצער קלאוזד שאפ אגרימענט וועט דורכדעם געשטעלט ווערען אין געפאר.

פארשטייט זיך, אז די פראגרעסיוו מאין ווארקערס וועט פון אזא פארבאט אויך ניט געווינען. די פראגרעסיוו האט אויך די טשעק־אף סיסטעם אין די גריבער וואו זי האט אגרימענטס. די פירער אבער ארבייטען, ווייזט אויס לויט דעם כלל, „כדאי זיך ביידע אויגען, אבי יענעם איין אויג...." די בעלי בתים און די פא־ליטישענס וועלען זיך דערפון זיכער ניט אפעסען דאס הארץ.

דער קאמף צווישען דער ניי־געגרינדעטער קאנסטראקשאן ווארקערס יוניאן פון דער סי. אי. א. און די אלטע בילדינג טרייד יוניאנס פון דער פעדערעישאן, האט זיך שוין דעם מאנאט אויך באוויזען אין גאס, אויף דער פיקעט־ליין. דער ערשטער אויסברוך מיט פיקעטס פון איין יוניאן געגען דער צווייטער איז געקומען אין וואשינגטאן. א געוויסע העט־סטאר, האט געדונגען פיינטערס פון דער סי. אי. א. יוניאן איבערצומאלן די סטאר. די א. פ. אוו ל. יוניאן האט אויף דעם געענטפערט מיט ארויסשטעלען פיקעטס ארום דער סטאר. די סי. אי. א. יוניאן האט זיך אפגערעכענט דורך ארויסשטעלען פיקעטס ארום א דעפארטמענט סטאר אין דער נאכבארשאפט, וואו מיטגלידער פון דער בראדערהוד זיינען אנגעשטעלט געווארן צו פיינטען. צו פארגרעסערען דעם כאאס און ציהען די עפענטליכע מיינונג צו דער אונערטרעגליכער לאגע, האט דער אייגענטימער פון סטאר געדונגען פיקעטס צו פיקעטען ביידע...

די הויפט־שלאכט דעם מאנאט צווישען די צוויי סיידען פון דער טרייד יוניאן באוועגונג איז אבער געפירט געווארן ארום קאנגרעס און דער סמיטה קאמיטע, וועלכע זוכט אונטער די ארבייט פון דער נעשאנאל לעיבאר רילעישאנס באארד. די באארד, ווי געזאגט, איז אטאקירט געווארן פון אלע זייטען. די בעלי בתים וועמען דער גאנצער וואגנער אקט שטייט ווי א ביין אין האלז, האבען געזוכט צו פונאנדערשמירען יעדען שפרינקעל וואס די סמיטה קאמיטע האט געפונען אויף דער לעיבאר באארד און מאכען עס אויסזען ווי א פארשווערונג געגען די ארעמע בעלי בתים נעבעך; די אמעריקען פעדערעישאן אוו לעיבאר האלט אן איר אטאקע אויף דעם געזעץ ווי ער איז און אויף דעם אופן ווי אזוי די אדמיניסטראטיווע קערפערשאפט האט דורכגעפירט דעם געזעץ. די פירער פון דער פעדערעישאן טענה'ן, אז די דירעקטארען און באארד מיטגלידער זיינען פריינדליכער צו דער סי. אי. א. ווי צו דער פעדערעישאן און ווי פאדערען אז דער געזעץ זאל אזוי אמענדירט ווערען אז זיי זאלען עס ניט קענען טאן. די פעדערעישאן שטיצט דעם אמענדמענט צום געזעץ וואס זאל אפשאפען די איצטיגע לעיבאר באארד און איינשטעלען א קאמיסיע פון פינף מענשען פון די ארבייטער, בעלי בתים און דער רעגירונג. די קערפערשאפט זאל ניט האבען דאס רעכט צו באשטימען דעם יוניט פאר קאלעקטיווע פארהאנדלונגען ווי דאס האט די איצטיגע באארד, נאר זיי זאלען מוזען אנערקענען אלס יוניט די ארבייטער פון א פאך אין פאבריק ווען יענע פאדערען עס.

אויך די סי. אי. א. איז אומצופרידען מיט דער לעיבאר באארד ווי זי איז איצט צוזאמענגעשטעלט און מיט אירע ענטשיידונגען. ביי דער קאנווענשאן פון דער יונייטעד מאין ווארקערס יוניאן דעם מאנאט איז די לעיבאר באארד שטארק אנגעגריפען געווארן „פאר בויגען זיך פאר'ן ווילען פון די רעאקציאנערען פון דער פעדערעישאן און די אינטערעסען פון די אינדוסטריאליסטען אין זייערע ענטשיידונגען". די סי. אי. א. איז אומצופרידען וואס אין געוויסע פאלען האט די לעיבאר באארד באשלאסען צו אנערקענען ארבייטער פון א פאך אלס באזונדער יוניט און געגעבען זיי דאס רעכט צו זיין פארטראטען דורך זייערע אייגענע פארשטייער אין פארהאנדלונגען.

די אינדוסטריאליסטען און זייערע פארטרעטער האבען נאטירליך אויך ניט געשוויגען. זיי האבען אויסגעגראבען אלערליי חטאים אויף דער באארד און אירע פארטרעטער. די מיטגלידער פון דער לעיבאר באארד האבען זיך נאטירליך פארטיידיגט און האבען באוויזען מיט פאקטען און ציפערען, אז דאס איז פשוט א בילבול אז זיי זיינען פארטייאיש צו איין צד אדער א צווייטען. זיי האבען איינפאך דורכגעפירט זייערע פליכטען ווי דער געזעץ האט עס אויף זיי ארויפגעלייגט. גלייכצייטיג אבער, אום צו באפרייען זיך פון דער געגנערשאפט פון ביידע צדדים און פון זייער חשד אין פארטייאישקייט, איז די באארד צופרידען, אז דער געזעץ זאל אזוי אמענדירט ווערען, אז די באארד זאל ניט דארפען ענטשיידען שטרייט־פונקטען צווישען דער פעדערעישאן און דער סי. אי. א.

ווי עס איז געווען צו ערווארטען, האט פרעזידענט גרין און דזשאן ל. לואיס אויסגענוצט די געלעגנהייט פון דעם שטרייט פאר דער סמיטה קאמיטע איבער דער לעיבאר באארד מכבד צו זיין איינער דעם צווייטען מיט באשולדיגונגען און זידלערייען. לואיס האט צוגעשטעלט דער קאמיטע דורך זיין פארטרעטער, פיליפ מארי, געוויסע דאקומענטען וועלכע באווייזען, ווי ער באהויפטעט, אז גרין האט געמאכט א פארשווערונג מיט דער מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן און מיט אירע לאיערס צו דערהרג'ענען דעם וואגנער געזעץ. ער באהויפטעט, אז די אמענדמענטס וואס די א. פ. אוו ל. פארטיידיגט זיינען געשריבען געווארן פון די לאיערס פון [illegible] וואס באקעמפען דעם געזעץ. גרין האט

לואיס'ן אויך ניט געשווינט. ער האט ערקלערט אז אט די באהויפטונג איז ליגען און שענדליך. פון די קאמפלימענטען אבער איז קיינער ניט געהאלפען געווארען. די ארבייטער — זיכער ניט. די קאמיטע גרייט זיך שוין אריינצובריינגען א געזעץ פארשלאג אין קאנגרעס צו ענדערען דעם וואגנער געזעץ. אז די ענדערונגען וועלען דעם געזעץ ניט מאכען בעסער פאר די ארבייטער און די יוניאנס — אין דעם קען מען זיכער זיין.

פארלויפיג איז שוין באוואוסט, אז די קאמיטע ברייגנט אריין אן ענדערונג צום געזעץ אלס דער ערשטער קלין צו באשרענקען דאס רעכט פון ארבייטער צו סטרייקען ווען זיי געפינען עס פאר נויטיג. דער געזעץ פארבאט ניט סטרייקס אין גאנצען, נאר פארפליכטעט ביידע צדדים צו ווענדען זיך פריהער צו א רעגירונגס־קערפערשאפט מיט זייער סכסוך איידער די ארבייט ווערט אפגעשטעלט. אין אנדערע ווערטער, עס פארפליכטעט די ארבייטער צו געבען פריהער נאטיס, אז זיי גייהען סטרייקען, אויף דעם זעלבען אופן ווי דאס מוזען טאן איצטער די אייזענבאן ארבייטער אונטער דעם רעיל־ראוד לעיבאר געזעץ. די ארבייטער ווייסען אבער דעם אונטערשייד אין די באדינגונגען צווישען די אייזענבאנען און אנדערע אינדוסטריען. די אייזענבאנען קענען זייער ארבייט ניט ארויספירען און קענען ניט אנגרייטען זיך מיט סטאק. דאס אויסווארטען עטליכע וואכען ענדערט דעריבער ניט די כחות פארהעלטענישען צווישען די ארבייטער און ארבייטסגעבער. גאנץ אנדערש איז עס אבער אין אנדערע אינדוסטריען. ווען א באס וועט וויסען אין פאראויס אז די ארבייטער וועלען סטרייקען, קען ער זיך אנגרייטען מיט סטאק; ער קען זיך פארבארייטען מיט נייע קוואלען פאר פראדוקציע און דעמאלט מעגען די ארבייטער סטרייקען. די געפאר איז אויך אז ווען דער געזעץ וועט דורכגיין אן פראטעסטען פון די ארבייטער וועט דער קאנגרעס גיין ווייטער און איינפירען געצוואונגענע ארביטריישאן. מיט די געשפאלטענע כחות פון די יוניאנס און זייערע רייסערייען איז די געפאר, אז אזא און ערגערע געזעצען וועלען דורכגיין נאך אין היינטיגער סעסיע פון קאנגרעס זייער גרויס.

### אנטי־טראסט פארפאלגונגען איז לטובת די יוניאנס — זאגט טהורמאן ארנאלד

טהורמאן ארנאלד, דער אסיסטענט אטורני דזשענעראל וואס האט איבערגענומען די ארבייט פון פארפאלגען יוניאנס אונטערן שערמאן אנטי־טראסט געזעץ, האט דעם מאנאט אנטוויקעלט א נייע טעאריע. אין זיין ענטפער אויף דער קריטיק פון דער אמעריקאן פעדערעישאן אוו לעיבאר אויף זיין פארקלאגען די בוי־ארבייטער יוניאנס און זייערע פירער קרימינעל אונטער'ן שערמאן אנטי־טראסט געזעץ, ערקלערט ער אז דאס איז א טובה אזא וואס ער טוט די יוניאנס. די לאגיק זיינע, איז אן „אייזערנע". ווען די בעלי בתים — זאגט ער פארקלאגען יוניאנס אונטער דעם געזעץ און מאנען דרייפאכע שאדענערזאץ, שטעלען זיי אין געפאר דורך דעם די עקזיסטענץ פון דער יוניאן. א חוץ דעם קאסט די יוניאנס אזוי טייער די לאיערס און די פארטיידיגונג, אז עס ליידיגט איינפאך אויס זייער קאסע. דעריבער, איז בעסער פאר די יוניאנס אז א רעגירונגס פראקוראר פארקלאגט זיי קרימינעל אונטער דעם זעלבען געזעץ. ערשטענס וועט א רעגירונגס פראקוראר זיי ניט קלאגען סתם פאר סטרייקען. בלויז ווען זיי וועלען זיך באנוצען מיט באיקאט אדער סטרייקען פאר ניט יושר'דיגע פאדערונגען, וואס האבען ניט קיין שייכות מיט שכירות אדער שטונדען וועט מען זיי פארקלאגען. צווייטענס זיינען די געלט־שטראפען, וואס דער געריכט לייגט ארויף, פיל קלענער ווי די דרייפאכע שאדענערזאץ, וואס א באס קען קריגען, אויב ער געווינט א קעיס געגען דער יוניאן.

איז באמת שווער צו זאגען וואס דא איז גרעסער: די היפאקריסטווא פון אט דעם טשינאווניק אדער די באליידיגונג פאר דעם עולם וואס ער באטראכט אלס גולם וועמען מען קען אלעס איינרעדען.

אט האט דעם מאנאט זיך געענדיגט איינער פון די טרייעלס געגען די עלעקטריקאל ארבייטער אין פיטסבורג, אין וועלכע דער ביזנעס אגענט און דער סעקרעטאר פון לאקאל זיינען שטראפירט געווארען מיט 10,000 דאלאר. נאך עטליכע באאמטע פון דער יוניאן און פון דער אסאסיאיישאן זיינען צוזאמען באשטראפט געווארען אויף א סומע פון 54,160 דאלאר. די קלאגע איז געווען, אז זיי האבען קאנספירירט ניט צו דערלאזען אנדערע פירמעס באטען אויף קאנטראקטען אויסער זייערע אייגענע בעלי בתים, וועלכע באשעפטיגען מיטגלידער פון דער יוניאן.

אין שיקאגא זיינען דעם מאנאט אינדייטעד געווארען אונטער דעם זעלבען געזעץ די באאמטע און פירער פון דריי בילדינג טרייד יוניאנס, צוזאמען מיט עטליכע אסאסיאיישאנס. די אנגעקלאגטע זיינען די באאמטע פון דער עלעקטרישענס יוניאן, פון דער טאיל־לעיערס יוניאן און פון דער פלאי־וואוד און קאט סטאון אינדוסטריעס, אלץ יוניאנס און אסאסיאיישאנס אין די בילדינג טריידס. ארום און ארום זיינען דארט אנגעקלאגט דריי און אכציג מענשען. די קלאגע געגען די באאמטע פון דער עלעקטרישענס יוניאן איז, אז זיי האבען ניט געלאזט זייערע מיטגלידער ארבייטען אויף פיקסטשורס אן א יוניאן לעיבעל. דאס איז א פארברעכען געגען דעם שערמאן געזעץ לויט ארנאלד'ס אויסטייטשונג.

דעם מאנאט האט זיך שוין אויך פארזאמעלט א גרענד דזשורי אין ניו יארק און האט זיך גענומען אונטערזוכען די עלעקטריק סופליי אינדוסטריע. די גאנצע געשיכטע שטאמט פון דעם קאמף, וואס די עלעקטרישענס יוניאן פירט אן געגען דער עלעקטריק ראדיא ווארקערס יוניאן פון דער סי. אי. א. און אנטזאגט זיך צו ארבייטען מיט פיקסטשורס, וואס ווערען געמאכט אין פאבריקען, וואס האבען אן אגרימענט מיט דער סי. אי. א.

נאך די אלע פאסירונגען און האנדלונגען, ווען ארנאלד קומט נאך ארויס מיט דער באהויפטונג אז דאס איז בעסער פאר די יוניאנס ווען א רעגירונגס פראקוראר ווערט זייער פוסק וואס עס איז יושר'דיגע פאדערונגען און וואס ניט, און ער באשליסט צו רעגולירען דורך קרימינעלע פארפאלגונגען די האנדלונגען פון יוניאנס, איז עס חוצפה פון העכסטען גראד.

### באסעס ליגען אויך צו א האנט

דער קרייץ צוג וואס דער רעגירונגס פראקוראר האט אנגעהויבען געגען די בוי ארבייטער יוניאנס פון דער אמעריקאן פעדערעישאן אוו לעיבאר און די ברעכעריי פון דער סי. אי. א. יוניאן אונטער דער פירערשאפט פון דזשאן לואיס'עס ברודער אין דער זעלבער אינדוסטריע איז וואויל געפעלען די בילדינג טרייד באסעס. די סי. אי. א. איז טאקע טריף, אבער ווען מ'קען אויסנוצען די יוניאן צו ארונטערדריקען די ארבייטס סטאנדארדס און קריגען ביליגע בעל מלאכות וואס זיינען גרייט צו ארבייטען לענגערע שאנדען — דאס איז כשר.

פון דעם זשורנאל „ניוס ענד אפיניאן", וואס ווערט ארויסגעגעבען פון דער בילדינג טריידס עמפלאיערס אסאסיאיישאן אין ניו יארק דערוויסען מיר זיך, אז די אפאזיציאנס יוניאן אין די בילדינג טריידס האט אנגעבאטען היגע קאנטראקטארס וואס האבען ארבייט אויסערן שטאט צום צושטעלען זיי ארבייטער פון אלע בוי פאכען פאר ניין דאלאר א טאג פאר אכט שטונדען ארבייט, אנשטאט די זעקס שטונדען א טאג און ארום צוועלף דאלאר וואס די מערסטע בילדינג טרייד יוניאנס פון דער אמעריקאן פעדערעישאן אוו לעיבאר האבען אין זייערע אגרימענטס אין ניו יארק. א חוץ דעם פארזיכערט די סי. אי. א. יוניאן, אז זיי וועלען ניט האבען קיין יוריסדיקציע סכסוכים צווישען די פארשיידענע פאכען ארבייטער. די וועלען קענען באשעפטיגען וועלכען ארבייטער זיי ווילען אויף יעדען סארט ארבייט.

אט דעם „בארגיין" פאר די באסעס איז די סי. אי. א. יוניאן גרייט צו געבען פאר גאר ווייניג. אלץ וואס אט די יוניאן פארלאנגט איז א קלאוזד שאפ אגרימענט און טשעק־אף פון דיוס.

דער ארגאן פון די באסעס זאגט דעריבער די פעדערעישאן יוניאנס, אז זיי האבען זיך געדארפט פארטראכטען איבער דעם און אויך געבען די בעלי בתים אזא בלענקעט אגרימענט פאר די ארבייטער פון אלע פאכען אויף די באדינגונגען. אויב ניט, גיט דער ארגאן אנצוהערען, וועלען נאך די קאנטראקטארס אונטערשרייבען אן אגרימענט מיט דער אפאזיציאנס־יוניאן, און — ווארענט דער זשורנאל — „וועלען זיי ניט פארגעסען די ענטשיידונג פון סופרים קאורט אז די לעיבאר באארד האט א רעכט צו באשטימען דעם יוניט פאר פארהאנדלונגען אויף אן אינדוסטריעלן באזיס".

### סטרייקס און סעטעלמענטס דעם מאנאט

אן אנצאל סי. אי. א. יוניאנס האבען דעם מאנאט געקראגען אגרימענטס מיט בעלי בתים. די וויכטיגסטע פון די סעטעלמענטס זיינען:

די קרוסיבל סטיל קאמפאני האט אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט דער סטיל ארבייטער ארגאניזיר קאמיטע פאר אלע צוועלף טויזענט ארבייטער אירע אין ניין פאבריקען. די שכירות און שטונדען זיינען געבליבען די זעלבע. קליינע ענדערונגען זיינען געמאכט געווארען אויסצוגלייכען די פרייזען פון די וואס ארבייטען שטיק ארבייט; וועגען סעניאריטי רעכט און א באגרענציונג אויף דער צייט, וואס עס נעמט אויסצוגלייכען סכסוכים אויף א מאקסימום פון איין און צוואנציג טעג.

די פלעיט גלעס ווארקערס אינטערנעשאנאל יוניאן האט דעם מאנאט באנייט דעם אגרימענט מיט אלע זעקס פירמעס אין דער גלאז אינדוסטריע אין לאנד. אין טרייד ווערען באשעפטיגט ארום 20 טויזענט ארבייטער.

די פליש ארבייטער יוניאן פון דער סי. אי. א. האט דעם מאנאט אנגענומען די באדינגונגען פון דער ארמאר ענד קאמפאני פירמע, פארענדיגענדיג די לאנגע פארהאנדלונגען. די פירמע האט זיך אנטזאגט אונטערצושרייבען אן אפיציעלען אגרימענט. אין אנהויב האט די יוניאן ניט געוואלט אננעמען בלויז א פארשטענדיגונג. איצט האט זי נאכגעגעבען און מען האט זיך געביטען מיט מעמאראנדומס וועלכע ענטהאלטען די באדינגונגען. קיין העכערונג אין די שכירות אדער ענדערונג אין די ארבייטס־שאנדען זיינען ניט געמאכט געווארען. די קאמפאני האט בלויז נאכגעגעבען פראגען פון סעניאריטי און אן ארענדזשמענט וועגען סעטלען סכסוכים.

די ת. ה. בראון שוה קאמפאני פון וואוסטער, מאס., האט דעם מאנאט אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט דער יונאיטעד שו ווארקערס יוניאן. די פירמע באשעפטיגט ארום זיבען הונדערט ארבייטער און איז די ערשטע פירמע אין יענעם געגענד, וואס שרייבט אונטער אן אגרימענט מיט דער יוניאן. די יונאיטעד פארהאנדעלט איצט מיט עטליכע אנדערע פירמעס אין וואוסטער און ערווארט א סעטעלמענט.

די וואלערשטאף וועבער אין די ניו ענגלאנד מילען און אין פילאדעלפיע, האבען דעם מאנאט צוריקגעקראגען דעם ווידזש שניט וואס זיי האבען גענומען אין 1938. די העכערונג טרעפט אן ארום צען פראצענט. ארום נייצניג טויזענט ארבייטער זיינען בארירט פון דער העכערונג.

די מילינערי ארבייטער יוניאן האט דעם מאנאט באנייט דעם אגרימענט מיט די אסאסיאיישאנס אין טרייד. די שכירות און שטונדען זיינען געבליבען די זעלבע. די ארבייטער אין די ניי־ארגאניזירטע שעפער, ארום 800 פון זיי האבען געקראגען א העכערונג פון צוויי דאלאר א וואך; און אייניגע שעפער איז זייערע שטונדען געשניטען געווארען פון 42 אויף 40 שטונדען א וואך; די אסאסיאיישאן נעמט אויף זיך די פאראנטווארטליכקייט פאר אירע מיטגלידער, אז זיי וועלען נאכקומען דעם אגרימענט; קאפיעס פון די פעי ראלס וועט יעדע פירמע דארפען אריינשיקען צום אימפארשיל טשערמאן ניט שפעטער ווי 48 שטונדען נאך פעי דעי;

### עקזעקוטיוו קאונסיל פון דער פעדערעישאן פארלירט צוויי מיטגלידער

דער עקזעקוטיוו קאונסיל פון דער אמעריקאן פעדערעישאן אוו לעיבאר, האט דעם מאנאט פארלארען 2 וויס־פרעזידענטען. דזשאן קאפיעלד, פערטער וויס־פרעזידענט פון דער פעדערעישאן און פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל פלאמבערס און סטים פיטערס יוניאן איז געשטארבען דעם 8טען פעברואר. ארטור א. ווארטאן, דער פינפטער וויס־פרעזידענט פון דער פעדערעישאן און געוועזענער פרעזידענט פון דער מאשיניסטען יוניאן האט רעזיגנירט איבער זיין שוואכען געזונד.

### אפשטימונג געאנדערט אין אלע פאבריקען פון דזשענעראל מאטארס

די אפשטימונג פון די ארבייטער אין אלע פאבריקען פון דער דזשענעראל מאטארס קאמפאניע איבערן גאנצען לאנד, צו באשטימען וועלכע יוניאן עס זאל זיי פארטרעטען אין קאלעקטיווע פארהאנדלונגען, וועלען אין גיכען געהאלטען ווערען. נאך לאנגע פארהאנדלונגען וואס האבען זיך געצויגען מאנאטען־לאנג האבען אלע 8 יוניאנס און די קאמפאני צוגעשטימט צו דעם אופן ווי אזוי די אפשטימונג זאל דורכגעפירט ווערען. 8 יוניאנס וועלען זיין אויפן באלאט. די אויטאמאביל ארבייטער יוניאנס פון דער סי. אי. א. און א. פ. אוו ל. און די מאשיניסטען יוניאן. ארום 90 טויזענט ארבייטער זיינען בארעכטיגט צו שטימען.

# נייעס און פּאַסירונגען אין אונזער אינטערנעשאַנעל

## בעלי־בתים האָבן גאָר ניט געלערנט און גאָר ניט פאַרגעסן.

די האַנדלונגען פון געוויסע ניו יאָרקער קלאָוק און דרעס מאַנופעקטשורערס דורך דעם פאַרגאַנגענעם מאָנאַט האָבן באַוויזן, אַז ליידער האָבן די „קאַפּיטאַנען פון אינדוסטריע” גאָר ניט געלערנט און גאָר ניט פאַרגעסן טראָץ די גרויסע ענדערונגען וואָס די פרויען־קליידער אינדוסטריע מאַכט דורך די לעצטע צייט. ניט נאָר טוען זיי אַליין גאָרניט צו באַשיצן זייערע אייגענע אינטערעסן און אָנטהאַלטען זייערע פּאָזיציעס אין מאַרקעט, נאָר ווען די יוניאָן נעמט אונטער געוויסע שריט צו סטאַביליזירען און איינהאַלטען די אינדוסטרי אין ניו יאָרק, לייגען זיי אַלערליי שטיינער אין וועג. זיי האַלטען זיך נאָך אַלץ ביי זייער אַלטער מעטאָדע צו פּרובירען אַרויפוואַרפען אויף די פּלייצעס פון די אַרבייטער די גאַנצע לאַסט פון דער קאָנקורענץ און שוועריגקייטען, וואָס זיי באַגעגענען אין מאַרקעט דורך די געענדערטע אינדוסטריעלע באַדינגונגען.

אַזוי צום ביישפּיל האָבן די קלאָוק מאַנופעקטשורערס געהאַלטען אין איין קלאָגען אַ לאַנגע צייט איבער דער קאָנקורענץ פון געוויסע סוב־סטאַנדאַרד שעפּער אין ברוקלין, וואו אַרבייט ווערט געמאַכט ביליגער. האָבן זיי דאָך על פּי שכל געדאַרפט זיין צופרידען און העלפען דער קלאָוק דזשאָינט באָאַרד ווען זי האָט באַשלאָסען, איין מאָל פאַר אַלע מאָל, איינשטעלען אָרדנונג אין ברוקלין און זען, אַז די ברוקלינער קלאָוקמאַכער זאָלען קריגען די זעלביגע אַרבייטס באַדינגונגען, די זעלביגע שטונדען און פּרייזען פאַר דער אַרבייט ווי דאָס קריגען די אַרבייטער אין די ניו יאָרקער שעפּער. אַרויסגעלאָזט האָט זיך, אַז אַזוי שנעל ווי די קלאָוק דזשאָינט באָאַרד האָט געלאָזט וויסען, אַז זי גייט אָפּשטעלען די אַרבייט אין די ברוקלינער שעפּער אום צו קענען מאַכען אַ גענויע אונטערזוכונג פון די באַדינגונגען און איינשטעלען אַ געהעריגען יוניאָן קאָנטראָל, האָבן די בעלי בתים גענומען געוואַלדעווען, אַז די יוניאָן ברעכט דעם אַגרימענט און מאַכט זיי גאָר אומגליקליך. עס איז קלאָר געוואָרען, אַז וואָס די מאַנופעקטשורערס האָבן געהאַט אין זינען ווען זיי האָבן זיך באַקלאָגט אויף דער קאָנקורענץ פון די ברוקלינער שעפּער, איז געווען צו פּועל'ן, אַז די יוניאָן זאָל אַרונטערלאָזען פון די באַדינגונגען אין ניו־יאָרק און אויסגלייכען די אַרבייטס פּרייזען אַרונטער.

פּונקט אַזוי, אָדער נאָך ערגער האָבן געהאַנדעלט די פּאָפּולאַר פּרייז דרעס מאַנופעקטשורערס און קאָנטראַקטאָרס אַסאָסיאיישאָנס. די ביליגע פּרייז דרעס אינדוסטרי אין ניו יאָרק מאַכט איצט דורך אַ שווערע צייט. עס איז ניט מעגליך אַז איבערבליק אַריינצולאָזען זיך אין די אינדוסטריעלע ענדערונגען, וואָס עס זיינען פאָרגעקומען די לעצטע צייט אין דעם טייל פון דער פרויען קליידער אינדוסטרי. אַלע פאַקטאָרען אין דעם טרייד ליידען דערפון, אָבער מער ווי אַלע ליידען דערפון די אַרבייטער, וואָס מאַכען אַ לעבען פון נייען אָט די דרעסעס. זעלבסט פאַרשטענדליך, אַז די יוניאָן איז דאָריבער מער פאַראינטערעסירט צו געפינען אַ לעזונג פאַר די פּראָבלעמען ווי ווער עס איז אַנדערש. איבער דעם האָט עס די גענעראַל עקזעקוטיוו באָאַרד צונויפגערופען אַ קאָנפערענץ פון אַלע אירע פאָרשטעהער איבערן לאַנד וואו דרעסעס ווערען געמאַכט צו באַטראַכטען מיטלען ווי אַזוי צו פאַרקלענערן די קאָנקורענץ און זען, אַז די ניו יאָרקער אַרבייטער זאָלען קריגען זייער יושר'דיגען חלק אַרבייט אין דער וועלכער לאַין; איבער דעם איז עס באַשלאָסען געוואָרען אָנצוהייבן אַן ענערגישען קאַמפּיין אין קאַטאָן דרעס טרייד איבער'ן גאַנצען לאַנד אַרויסצוברייטערן דעם יוניאָן קאָנטראָל און אויפהייבן די אַרבייטס־סטאַנדאַרדס; אַלס טייל פון דעם אַלגעמיינעם פּלאַן, איז באַשלאָסען געוואָרען אַ ספּעציעלע קאָמיטע פון ווייס־פּרעזידענטען אָנצופירען דעם אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין אין די ווייסטערן שטעטן.

[illegible]

שריט, וואָס האָט שיעור ניט געפירט צו אַ לאַק־אַוט און אָפענעם קאַמף אין דער ניו יאָרקער דרעס אינדוסטרי. עס איז בלויז געווען די שנעלע האַנדלונג פון דער אינטערנעשאַנאַל און דער דזשאָינט באָאַרד, וואָס האָט אויסגעמיטען דערוויילע אַ קאַמף, וואָס וואָלט דער אינדוסטרי אין ניו יאָרק זיכער געבראַכט אומגעהייערען שאָדען און אפשר אין גאַנצען רואינירט. אָבער לאָמיר איבערגעבען די געשיכטע כסדר ווי דאָס האָט פּאַסירט.

## קאָנפערענץ באַשליסט צו פאַרשטאַרקען קאַמפּיין אין קאַטען דרעס טרייד

דעם מאָנאַט איז דאָ אין ניו יאָרק אָפּגעהאַלטען געוואָרען אַ נאַציאָנאַלע קאָנפערענץ פון פירער פון דער אינטערנעשאַנאַל אין די פאַרשידענע מאַרקעטס וואו דרעסעס ווערען פּראָדוצירט. די קאָנפערענץ האָט באַשלאָסען צו פאַרשטאַרקען דעם אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין אין דער קאָטאָן דרעס אינדוסטרי איבערן גאַנצען לאַנד, ביז דער טייל פון דער פרויען קליידער אינדוסטרי וועט זיין פולשטענדיג אָרגאַניזירט.

די קאָנפערענץ איז אָפּגעהאַלטען געוואָרען אין ניו יאָרק און האָט געדויערט צוויי טעג. פּרעזידענט דובינסקי איז געווען פאָרזיצער. ביים קאָנפערענץ זיינען אַנוועזענד געווען די וויכטיגסטע פירער פון דער אינטערנעשאַנאַל אין דרעס טרייד איבערן גאַנצען לאַנד. פון ניו יאָרק האָבן זיך אין דער קאָנפערענץ באַטייליגט דזשוליוס האָכמאַן, דזשענעראַל מענעדזשער פון דער דרעס דזשאָינט באָאַרד: פיליפּ קאַפּ, סעקרעטער־טרעזשורער און די לאָקאַל פירער, לואידזשע אַנטאָניני, טשאַרלס זימערמאַן, מעקס קאָהען, איזידאָר נאַגלער, לואיס סטאָלבערג, דזשאָהן דזשעלאָ און בען עווערי. דער קאָטאָן גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט איז געווען פאַרטראָטען פון עליעס רייזבערג, דייוויד גינגאָלד און י. האַלפּערן; דער איסטערן אויט־אָוו־טאַון דעפּאַרטמענט — פון ווייס־פּרעזידענט הערי וואַנדער און י. האָראָוויץ. באָסטאָן איז געווען פאַרטראָטען פון פיליפּ קרעימער. פילאַדעלפיע — פון סעמיועל אָטאָ. מאָריס ביאַליס האָט פאַרטראָטען שיקאַגאָ און די מיטעל וועסט. מייער פּערלשטיין האָט פאַרטראָטען דעם סאַוטה וועסטערן דיסטריקט. עקזעקוטיוו סעקרעטער פרעדעריק אומהוי איז געווען סעקרעטער פון דער קאָנפערענץ.

די פאָרטרעטער פון די פאַרשידענע מאַרקעטס האָבן באַריכטעט וועגען דער לאַגע אין דרעס טרייד אין די פאַרשידענע שטעט. עס איז אַרומגערעדט געוואָרען די ניי־געשאַפענע לאַגע דורך דעם וואָס די קאָטאָן דרעס שעפּער, וועלכע פלעגט אַמאָל פּראָדוצירען בלויז הויז דרעסעס, האָבן איצט גענומען פּראָדוצירען רעיאָן דרעסעס פאַר געוויינליכער קליידונג און גאָט און קאָנקורירען זייער שטאַרק מיט די רעגולערע דרעסעס געמאַכט פון די סילק שעפּער אין דער ביליגער לאַין. די רעדנער האָבן דאַריבער שטאַרק באַטאָנט די וויכטיגקייט פון דעם איצטיגען קאַמפּיין, וואָס די גענעראַל עקזעקוטיוו האָט באַשלאָסען אָנצופירען אין דער אינדוסטרי אום איינצושטעלען יוניאָן קאָנטראָל און יוניאָן באַדינגונגען אין די שעפּער.

עס איז באַשלאָסען געוואָרען דעם קאַמפּיין אין דעם טרייד, און ספּעציעל אין די שעפּער, וואָס מאַכען די רעיאָן דרעסעס, גלייך צו פאַרשטאַרקען. דער סטעפּ פון אָרגאַניזירען וועט פאַרגרעסערט ווערען און די אָרגאַניזאַציאָנס אַרבייט אין די וויכטיגסטע צענטערס פון לאַנד וועט אָנגעפירט ווערען סיסטעמאַטיש ביז דער גאַנצער טרייד וועט אָרגאַניזירט ווערען. די טאַקטיק פון דער יוניאָן וועט זיין צו קאָנצענטרירען איר אַטאַקע אויף די וויכטיגסטע פירמעס צו ערשט. אַלע מעגליכע מיטלען וועלען אָנגעווענדעט ווערען צו הייבען די אַרבייטס־סטאַנדאַרדס אין דעם טייל פון דרעס טרייד. דער אויסוואַל פון די סטראַטעגישע צענטערס וואו דער קאַמפּיין זאָל זיך אָנהייבען איז איבערגעגעבען געוואָרען צום גענעראַל אָפיס.

## בעלי בתים פאַראורזאַכען שיעור קאַמף אין פּאָפּולאַר פּרייז שעפּער

קאַרגע צוויי וואָכען נאָכדעם ווי דער קאָנפערענץ פון דער אינטערנעשאַנעל פאָרטרעטער איז געהאַלטען געוואָרען און וועלכער איז ניט געווען קיין סוד פאַר די אַסאָסיאיישאָן פירער, האָט דזשענעראַל מענעדזשער האָכמאַן זיך פלוצלונג דערוואוסט, אַז די צוויי אַסאָסיאיישאָנס אין דער פּאָפּולאַר פּרייז דרעס לאַין, די מאַנופעקטשורערס און די קאָנטראַקטאָרס אָפּטיילונגען פון די אַסאָסיאיישאָנס, האָבן באַשלאָסען צו ערקלערען קריג דער דרעסמאַכער יוניאָן. די פירער פון די אַסאָסיאיישאָנס האָבן אפילו ניט געפונען פאַר נויטיג צו לאָזען וויסען דער יוניאָן אָפיציעל וועגען דעם וואָס זיי פּלאַנעווען צו טאָן. דזשענעראַל מענעדזשער האָכמאַן האָט זיך דערוואוסט דורך דער פּרעסע, אַז די צוויי אַסאָסיאיישאָנס רופען מיטינגען פון זייערע מיטגלידער, וואו זיי וועלען פאָרלייגען אַ רעזאָלוציע אָפּצושטעלען די פּרייז סעטלינג מאַשינערי, וואָס איז איינגעפירט אונטערן אַגרימענט און באַפעלען זייערע מיטגלידער צו סעטלען פּרייזען אין יעדען קאָנטראַקטינג שאָפּ באַזונדער מיט די אַרבייטער פון דעם שאָפּ. פאַקטיש האָט עס געמיינט, אָפּברעכען דעם אַגרימענט מיט דער יוניאָן. דאָס האָט געמיינט אָפּשאַפען דעם סעטלען פּרייזען מיט'ן דזשאָבער פאַר זיין אַרבייט אין אַלע קאָנטראַקטינג שעפּער און צוריק איינפירען דעם „אָוקשאָן בלאָק” די סיסטעם וואו קאָנטראַקטאָרס פירען אַן אַ האַלז־שניידענדע קאָנקורענץ פאַר'ן באַנדעל אויפ'ן חשבון פון די שכירות פון די אַרבייטער און די אַרבייט קריגט דער וואָס קען מער טשיזלען.

אויב אַ קאַמף אין דער ניו יאָרקער דרעס אינדוסטרי איז דאָך פאַרלויפיג אויסגעמידען געוואָרען; אויב די בעלי בתים האָבן ביי זייערע מיטינגען פאַרלויפיג אָפּגעלייגט די דורכפירונג פון דעם פּלאַן זייערען און זיינען צוגעטראָטען צו קאָנפערירען מיט דער יוניאָן, איז בלויז אַ דאַנק די שנעלע און ענערגישע האַנדלונג פון פּרעזידענט דובינסקי און דזשענעראַל מענעדזשער האָכמאַן, וועלכע האָבן שנעל רעאַגירט אויף דער האַנדלונג אויף אַ געהעריגען אופן. פּרעזידענט דובינסקי האָט, אין אַ בריף צו לואיס רובין, עקזעקוטיוו טשערמאַן פון דער פּאָפּולאַר פּרייז דרעס מאַנופעקטשורערס אַסאָסיאיישאָן, אים געלאָזט וויסען, אַז די אינטערנעשאַנעל וועט די מאַנופעקטשורערס האַלטען פאַראַנטוואָרטליך פאַר ברעכען דעם אַגרימענט און אויב עס וועט קומען צו אַ לאַק אָוט פון די אַרבייטער, וועט די אינטערנעשאַנעל נוצען די גאַנצע מאַכט צו באַשיצען דעם ווערט פון קאָלעקטיווען אַגרימענטס. דזשענעראַל מענעדזשער האָכמאַן האָט ווידער צוגעגרייט די יוניאָן צו אַלע פאַלען. ער האָט צוגעגרייט די יוניאָן צו אַ קאַמף אויב דאָס זאָל אַרויסגעצוואונגען ווערען און האָט גלייכצייטיג אין אַ שאַרפען סטייטמענט אין דער פּרעסע צוריקגעשלאָגען די טענות און באַשולדיגונגען פון די בעלי בתים געגען דער יוניאָן און אָנגעוויזען, אַז דער גרעסטער טייל פון דער שולד פאַר די איבלען אויף וועלכע די בעלי בתים באַקלאָגען זיך פאַלט אויף זיי אַליין, אויף זייער אומפעהיגקייט און נאַכלעסיגקייט. ער האָט אָנגעוויזען, אַז די יוניאָן האָט פילע מאָל אויפגעפאָדערט זייערע פירער צו מאַכען וועלכע עס איז קאָנסטרוקטיווע פאָרשלאָגען וועגען העלפען דער אינדוסטרי; אַז די יוניאָן איז גרייט געווען צו נעמען אויף זיך אַ טייל פון די הוצאות פאַר אַ „פּראָמאָשאָן קאַמפּיין”. די בעלי בתים האָבן אָבער אַליין גאָרניט פאָרגעשלאָגען און האָבן גאָרניט געטאָן אויף די פאָרשלאָגען פון דער יוניאָן. וואָס אַנבאַלאַנגט זייער איצטיגער שריט, ווען דורכגעפירט, וועט עס ניט נאָר ניט לייזען די פּראָבלעמען נאָר וועט נאָך מאַכען פיל ערגער. עס וועט בלויז אונטערברעכען די פּראָדוקציע פון וואָס דער גאַנצער ניו יאָרקער מאַרקעט וועט ליידען.

פּרעזידענט דובינסקי'ס בריף צום פירער פון דער אַסאָסיאיישאָן איז ווי פאָלגט:

„אין אַ צייטונג באַריכט וואָס איז פאַרעפענטליכט געוואָרען איז געזאָגט, אַז איר פּלאַנעוועט פאָרצולייגען פאַר אייערע מיטגלידער אַ רעזאָלוציע אָנצונעמען, וועלכע וואָלט פאַקטיש גע־

ווען אַ פֿאַרלעצונג פֿון דעם וויכטיגסטען פּונקט פֿון דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט, וועלכער עקזיסטירט איצט צווישען אייער אַסאָסיאיישאַן און דער דזשאָינט באָארד פֿון די דרעס און ווייסטמאַכער יוניאָנס.

„אויב די אינפֿאָרמאַציע איז אין עצם ריכטיג, וויל איך אייך געבען נאָטיס, אַז די אינטערנעשאָנעל לעדיס גאַרמענט וואָרקערס יוניאָן, וועלכע איז איינע פֿון די וואָס האָבען אונטערגעשריבען דעם אַגרימענט, וואָס האָט נאָך צו לויפֿען אַ גאַנצען יאָר, וועט האַלטען אייער אַסאָסיאיישאַן פֿאַראַנטוואָרטליך מאַטעריעל און מאָראַליש פֿאַר יעדען שריט וואָס וועט פֿירען צו דער אָפּברעכונג אָדער אונטערברעכונג פֿון די קאָנטראַקטליכע פֿאַרבינדונגען אויף וועלכע אונזערע ביידענס אָרגאַניזאַציעס האָבען אַזוי פֿייערליך צוגעשטימט.

„אונזער יוניאָן איז טיף פֿאַראינטערעסירט אין אַלע אָנגעלעגענהייטען, וואָס באַרירען אונזער אינדוסטרי, ווייל עס באַגרייפֿט, אַז דער וואוילזיין פֿון די אַרבייטער איז אומצוטיילבאַר פֿאַרבונדען מיט דעם וואוילשטאַנד פֿון ניו יאָרקער מאַרקעט. די יוניאָן איז דאַריבער גרייט צו באַגעגענען זיך מיט אייך צו יעדע צייט צו דיסקוטירען און באַטראַכטען קאָנסטרוקטיווע פֿאָרשלאָגען צו העלפֿען און לעזען אויף אַ געגענזייטיג צופֿרידענשטעלענדן אופֿן די פֿאַרוויקעלטע פּראָבלעמען, וואָס זיינען באַפֿאַלען דער ביי־ליגער לאַין דרעס אינדוסטרי היינט צו טאָג. מאַכט אָבער נישט דעם טעות צו דענקען, אַז איר קענט ארויסצווינגען אַ לעזונג פֿון די פּראָבלעמען דורך אָנשרעקען אָדער דורך אָפּברעכען דעם אַגרימענט.

„צום שלוס, ערלויבט מיר נאָך אַ מאָל צו וואָרענען אייך, אַז אויב אונזער יוניאָן וועט געטשאַלענדזשט דורך אַן אַקט, וואָס וועט פֿירען צו דער אָפּברעכונג פֿון אַגרימענט דורך אייער אַסאָסיאיישאַן און וועט פֿאַראורזאַכען אַ לאָק־אַוט פֿון די אַרבייטער, וואָס וועלען באַשעפֿטיגט אין די פֿאַבריקען פֿון אייערע מיטגלידער, וועלען מיר צוזאַמענעמען אַלע אונזערע כחות צו באַשיצען די הייליגקייט און דעם ווערט פֿון קאָלעקטיווע אַגרימענטס און אַלע זייערע פֿאַרשריפֿטען.

„איך האָף אָבער, אַז געזונטע אורטיילס קראַפֿט און סטאַט איבערהיילסטע האַנדלונגען וועלען דירעקטירען אייערע האַנדלונגען אין דער לעבענס וויכטיגער אָנגעלעגענהייט. איך פֿאַרזיכער אייך, אַז אַ ראַציאָנאַלער צוגאַנג צו די פּראָבלעמען פֿון אייער זייט וועט קריגען געהעריגע קאָאָפּעראַציע פֿון דער יוניאָן”.

אויפֿריכטיג אייערער

(אונטערגעשריבען) דוד דובינסקי פּרעזידענט א. ל. ג. וו. יו.

דזשענעראַל מענעדזשער האָכמאַנ'ס סטעיטמענט אין דער פּרעסע איז ווי פֿאָלגט :

„מען האָט געצויגען אונזער אויפֿמערקזאַמקייט, אַז די דזשאָבערס פֿון דער פּאָפּולאַר פּרייז דרעס מאַנופֿעקטשורערס אַסאָסיאיישאַן און די קאָנטראַקטאָרס פֿון דער יונייטעד פּאָפּולאַר דרעס מאַנופֿעקטשורערס אַסאָסיאיישאַן פֿאַרזאַמלען זיך היינט (מאָנטאָג) און וועלען באַשליסען זייערע מיטגלידער אָפּצושאַפֿען די איצטיגע סיסטעם פֿון סעטלען פּרייזען אין דער דרעס אינדוסטרי. די גרופּען פּראָדוצירען דרעסעס, וואָס פֿאַרקויפֿען זיך האָלסייל פֿאַר 4.75 דאָלאַר אָדער ביליגער.

„אַרונטערנעמענדיג אַלע באַפֿוטונגען, דרייט זיך דער סטעיטמענט פֿון די בעלי בתים אַרום אַן איינפֿאַכע פֿראַגע: קען מען ערלויבען, אַז וועלכער עס איז צד זאָל דורך סטראַשונקעס צונישט מאַכען אַן אַגרימענט? אויב די מעטאָדע פֿון געוואַלד זאָל געדולדעט ווערען פֿאַר איינעם פֿון די צדדים, דאַן ווערט דער קאָלעקטיווער אַגרימענט און אַפֿילו קאָלעקטיווע פֿאַרהאַנדלונגען ווערטלאָז און די זיבען יאָר פֿרידליכע פֿאַרהאַנדלונגען אין דער דרעס אינדוסטרי ווערט אַרויסגעוואָרפֿען.

„די יוניאָן לייקענט נישט, אַז עס זיינען פֿאַראַן פֿילע ערנסטע פּראָבלעמען אין דער אינדוסטרי. אָבער די פּראָבלעמען קענען בלויז געלעזט ווערען דורך צוזאַמענאַרבייט פֿון אַלע צדדים וואָס ווערען באַרירט. זיי קענען נישט געלעזט ווערען דורך סטראַשונקעס, דורך אָפּברעכען אַגרימענטס און דורך סטאַטיסטיקס, וואָס ווערען גענומען פֿון דער לופֿט. זיי קענען אויך נישט געלעזט ווערען בלויז אויפֿ'ן חשבון פֿון די אַרבייטער. די לעזונג פֿון די פּראָבלעמען פֿאָדערען אַ סאָרט אינדוסטריעלע שטאַטסמאַנשאַפֿט, וועלכע עס איז טרויעריג צו ווערצייזלען, האָט געפֿעלט צווישען די בעלי בתים.

„אונטער דעם פּרייז סעטעלמענט סיסטעם, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרען דורך אונזערע קאָלעקטיווע פֿאַרהאַנדלונגען מיט פֿיר יאָר צוריק, איז דער דזשאָבער דירעקט פֿאַראַנטוואָרטליך פֿאַר די פּרייזען, וועלכע ער שטעלט מיט אַ קאָמיטע פֿון די אַרבייטער אין אַלע זיינע קאָנטראַקטינג שעפּער און אַ פֿאָרשטעהער פֿון דער יוניאָן.

דער סעטעלמענט ווערט געמאַכט ענטוועדער אין דער פּרייז אַדזשאַסטמענט ביוראָ אָדער ביים דזשאָבער אין אָפֿיס. איבער 140.000 פּרייז סעטעלמענט זיינען געמאַכט געוואָרען לעצטעס יאָר. דער סיסטעם פֿון סעטלען פּרייזען גאַראַנטירט די אַרבייטער, אַז זיי וועלען אַלע קריגען די זעלבע פּרייזען פֿאַר דער זעלבער אַרבייט אין אַלע שעפּער, וואָס אַרבייטען פֿאַר דעם דזשאָבער.

„דאָס אָפּשאַפֿען אָט דעם סיסטעם פֿון סעטלען פּרייזען, וואָס די בעלי בתים ווילען, וואָלט צוזאַמענברעכען די גאַנצע סטרוקטור פֿון שכירות פֿאַר די אַרבייטער. עס וואָלט אונז צוריקגעבראַכט צום געזעץ פֿון דזשאָנגעל אונטער וועלכען דער דזשאָבער דריקט דעם קאָנטראַקטאָר, וועלכער פֿון זיין זייט דריקט דעם אַרבייטער אונטער דעם סטראַשונאַק נישט צו געבען אים קיין אַרבייט. דער רעזולטאַט פֿון אַזאַ סיסטעם איז נידעריגע שכירות און אַ צוריקקער צום סוועט שאָפּ”.

די שנעלע האַנדלונג פֿון דער יוניאָן האָט געהאַט ווייזט אויס אַן אויסניכטערענדע ווירקונג אויף די בעלי בתים. ביי זייערע מיטינגען האָבען זיי באַשלאָסען אָפּצולייגען די דורכפֿירונג פֿון זייער רעזאָלוציע און פֿאַרהאַנדלען מיט די יוניאָן פֿאָרטרעטער. ווען די שורות ווערען געשריבען גייען אָן קאָנפֿערענצען צווישען פֿאָרטרעטער פֿון ביידע צדדים.

# טראָק אינטענטימער פֿאַרבאָטען צו פֿירען סטרייק־אַרבעט

די דזשאָינט באָארד פֿון דער דרעסמאַכער יוניאָן האָט אַרויסגעקראָגען אַ שטענדיגען אינדזשאָנקשאָן געגען דער „טשעמפּיאָן טראָקינג קאָמפּאַני”, פֿאַרבאָטענדיג דער טראָקינג פֿירמע צו פֿירען אַרבייט פֿאַר דעם דזשאָבער קאַפּלאַן און עלייעס געגען וועלכען די יוניאָן פֿירט אָן אַ סטרייק פֿאַר די לעצטע עטליכע מאָנאַטען.

סופּרים קאָרט דזשאָסטיס עדוואַרד דזש. מעקגאָלדריק, האָט אַרויסגעגעבען דעם אינדזשאָנקשאָן אויפֿ'ן גרונט, וואָס די טראָקינג פֿירמע איז פֿאַרפּליכטעט אָפּצוהיטען די באַדינגונגען פֿון דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט, וואָס די דרעס יוניאָן האָט מיט דער גאַרמענט סענטער טראָק אָונערס אַסאָסיאיישאַן פֿון וועלכער זי איז אַ מיטגליד. גלייכצייטיג האָט דער געריכט פֿאַרבאָטען דער פֿירמע איבערצוטרעטען וועלכען עס איז אַנדער פּונקט פֿון דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט, דורך אָנטזאָגען זיך צו ווייזען די ביכער, נישט אויספֿאָלגען באַשלוסען פֿון אימפּאַרשיל טשערמאַן אָדער פֿירען אַרבייט פֿאַר פֿירמעס געגען וועלכע די דרעסמאַכער יוניאָן ערקלערט אַ סטרייק.

די דרעס דזשאָינט באָארד האָט פֿאַרקלאָגט די פֿירמע אין געריכט נאָך לעצטען זומער און דזשאָדזש סטאָוער האָט נאָך אַ פֿאַרהער אַרויסגעגעבען דער יוניאָן אַ צייטווייליגען אינדזשאָנקשאָן געגען דער פֿירמע. דעם 20־טען סעפּטעמבער האָט זיך אָנגעהויבען דער טרייעל פֿאַר אַ באַשטענדיגען אינדזשאָנקשאָן, וואָס די יוניאָן האָט געפֿאָדערט פֿאַר דזשאָסטיס מעקגאָלדריק און האָט אָנגעהאַלטען קאָרגע צוויי וואָכען. דזשענעראַל מענעדזשער דזשוליוס האָכמאַן איז געווען דער הויפּט עדות פֿאַר דער יוניאָן און איז געווען אויפֿ'ן וויטנעס סטענד דריי טעג. עס זיינען אויך אויפֿגעטראָטען אַלס עדות פֿאַר דער יוניאָן, הערדי יאָנועליער, אימפּאַרשיל טשערמאַן פֿאַר דער דרעס אינדוסטרי; פֿיליפּ קאָפּ, סעקרעטער־טרעזשורער פֿון דער דרעס דזשאָינט באָארד; מעקס בליוסטיין, מענעדזשער פֿון אָרגאַניזיישאַן דעפּאַרטמענט; דזשייקאָב ראָזענבאַום, טשיף אַקאַונטענט פֿאַר דער יוניאָן און אַ צאָל אַנדערע יוניאָן באַאַמטע. לאָיער פֿאַר דער יוניאָן איז געווען עמיל שלעזינגער. כאָטש דער טרייעל האָט זיך געשלאָסען אין אָקטאָבער, האָט עס גענומען דעם ריכטער אַרום פֿיר מאָנאַטען ביז ער האָט אַרויסגעגעבען זיין ענטשיידונג צו גונסטען דער יוניאָן אויף אַלע פּונקטען וואָס זי האָט פֿאַרלאַנגט.

די וויכטיגקייט פֿון דער ענטשיידונג, נישט בלויז פֿאַר דער דרעס אינדוסטרי נאָר פֿאַר יוניאָנס אין אַלגעמיין, באַשטייט אין דעם, וואָס דער געריכט האָט ערקלערט, אַז אַן אַגרימענט וואָס פֿאַרבאָט אַ פֿירמע צו פֿירען אַרבייט פֿאַר אַ מאַנופֿעקטשורער געגען וועלכען די יוניאָן איז אין סטרייק, איז געזעצליך אַפֿילו ווען די סטרייקענדע פֿירמע איז די איינציגע קאַסטאָמער וואָס זי האָט, ווי די טשעמפּיאָן טראָקינג קאָמפּאַני האָט גע'טענה'ט. די ענטשיידונג זאָגט אויך, אַז אַזאַ אַגרימענט קען נישט

פּאַרטייטשט ווערען אַלס ריסטרעינט אָוו טרייד און איז פֿאָלקאָם געזעצליך.

דזשאָסטיס מעקגאָלדריק אין זיין ענטשיידונג ערקלערט די פֿירמע שולדיג אין ברעכען דעם אַגרימענט און פֿאַרבאָט איר „איבערצוטרעטען וועלכע עס איז באַדינגונגען און פֿאַרשריפֿטען פֿון דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט; צו פֿירען דרעסעס, געשניטענע אָדער נישט געשניטענע וואַרע, אָדער וועלכע עס איז סחורה אָדער פּעקלאַך פֿון אַ דזשאָבער צו אַ קאָנטראַקטאָר אָדער צוריק געגען וועלכע די יוניאָן האָט ערקלערט אַ סטרייק; פֿון אָנטזאָגען זיך צו געבען די יוניאָן אַקאַונטענטס די מעגליכקייט אונטערצוזוכען די ביכער פֿון דער פֿירמע אָדער אָנטזאָגען זיך אויסצופֿאָלגען די ענטשיידונגען פֿון אימפּאַרשיל טשערמאַן”.

דזשענעראַל מענעדזשער האָכמאַן, האָט אַרויסגעגעבען פֿאָלגענדען סטעיטמענט וועגען דער ענטשיידונג פֿון געריכט:

„די ענטשיידונג פֿון דזשאָסטיס מעקגאָלדריק שטיצט פֿאָלשטענדיג די טענות פֿון דער יוניאָן אין דעם פֿאַל. וויכטיגער פֿון אַלץ איז, וואָס די ענטשיידונג באַשיצט די הייליגקייט פֿון קאָנטראַקט, וואָס איז דער סאַמע פֿונדאַמענט פֿון די קאָלעקטיווע אָפּמאַכען אין דער דרעס אינדוסטרי. מיר האָבען פֿיל פּראָגרעסירט פֿון דער צייט ווען דאָס געזעץ פֿון דזשאָנגעל האָט געהערשט אין דער דרעס אינדוסטרי. היינט צו טאָג, האָט יעדער צד אין דער אינדוסטרי געוויסע פֿאַרפּליכטונגען, וועלכע ער קען נישט אויסמיידען. דאָס איינציגע וועג פֿאַר סטאַביליזאַציע און אָרדנונג אין דרעס טרייד, איז דורך פֿאָלשטענדיגען אָפּהיטען דעם קאָלעקטיווען אַגרימענט”.

האָכמאַן האָט שטאַרק געלויבט דעם לאָיער פֿון דער יוניאָן, עמיל שלעזינגער פֿאַר דעם אויסגעצייכענטען אופֿן ווי אַזוי ער האָט געפֿירט די קעיס.

# סלאַוס סטאָפּעדזש אין ברוקלין האָט געבראַכט רעזולטאַטען

דער סטאָפּעדזש וואָס די קלאָוק דזשאָינט באָארד האָט גערופֿען אין די ברוקלינער שעפּער סוף לעצטען מאָנאַט, האָט געבראַכט גוטע רעזולטאַטען, לויט דעם באַריכט פֿון דזשענעראַל מענעדזשער ישראל פֿיינבערג צו דער דזשאָינט באָארד. דער סטעף פֿון דער יוניאָן, וואָס האָט אונטערזוכט די לאַגע אין ברוקלין אַ פּאָר וואָכען נאָכ'ן סטאָפּעדזש באַריכטען, אַז די באַדינגונגען פֿון די אַרבייטער אין די ברוקלינער שעפּער איז פֿיל פֿאַרבעסערט געוואָרען. לויט די באַריכטען, ווייזען די אַרבייטער אַרויס אַ חשק אָנצוהאַלטען די נייע סטאַנדאַרדס, וואָס זיינען איינגעשטעלט געוואָרען אין זייערע שעפּער דורכ'ן סטאָפּעדזש און דער אונטערזוכונג, וואָס האָט נאָכגעפֿאָלגט און עס זיינען פֿאַראַן בולט'ע סמנים, אַז דער אונטערשייד אין די סטאַנדאַרדס פֿון די אַרבייטער אין ברוקלין און די אין ניו־יאָרקער שעפּער איז פֿיל פֿאַרקלענערט געוואָרען.

דער סטאָפּעדזש איז גערופֿען געוואָרען דעם 24טען יאַנואַר און איז פֿאַרענדיגט געוואָרען אין משך פֿון פֿינף טעג. דעם 29טען יאַנואַר איז שוין דער לעצטער שאָפּ צוריקגעגאַנגען צו דער אַרבייט. אין סטאָפּעדזש האָבען זיך באַטייליגט איבער פֿינף טויזענט אַרבייטער. יעדע שאָפּ אין דער ברוקלינער טעריטאָריע איז אָפּגעשטעלט געוואָרען און עס זיינען נישט געמאַכט געוואָרען קיין דעליווערים צו און פֿון די ברוקלינער קאָנטראַקטאָרס, אָפּשטעלענדיג אַזוי אַרום די גאַנצע פּראָדוקציע פֿון דעם ערשטען טאָג אָן.

אַזוי שנעל ווי די אַרבייט איז אָפּגעשטעלט געוואָרען, האָט די קאָמיטע פֿון דער יוניאָן אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון דזשענעראַל מענעדזשער ישראל פֿיינבערג זיך גענומען אונטערזוכען די באַדינגונגען אין יעדען שאָפּ באַזונדער. ווי פֿיינבערג גיט איבער זיינען די אַרבייטער אין אַ גרויסער צאָל פֿון די 265 שעפּער, וואָס זיינען אָפּגעשטעלט געוואָרען, צוריק געגאַנגען צו דער אַרבייט אונטער אַן אָפּמאַך מיט די דזשאָבערס און קאָנטראַקטאָרס, וועלכע האָט זיי געגעבען באַדייטענדע העכערונגען אויף די וואָרקס סקיילס. אַ 35 שטונדיגע אַרבייטס־וואָך און די אָפּשאַפֿונג פֿון פֿילע מיסברויכען, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען אין ברוקלין פֿאַר אַ גאַנץ לאַנגע צייט.

באַלד נאָכ'ן סטאָפּעדזש האָט די יוניאָן איינגעשטעלט אין ברוקלין פּערמאַנענטע אָפֿיסעס צו קאָנטראָלירען די שעפּער. אַלס מענעדזשער פֿון ברוקלין איז באַשטימט געוואָרען וויס־פּרעזידענט [illegible] קאָמפּאַני. די

אפיסעס זיינען איינגעשטעלט געווארן אין וויליאמסבורג, בענסאנהורסט און בראנזוויל מיט א גענוגענדער צאל ביזנעס אגענטען צו קאנטראלירן די שעפער.

## יוניאן פאדערט סעקיוריטי פון אומקאנטראלירבארע שעפער

אלס רעזולטאט פון די אונטערזוכונגען, וואס די קלאוק דזשאינט באארד האט דורכגעפירט אין די ברוקלינער שעפער דורכ'ן סטאפעדזש, האט זי פארקלאגט עטליכע און פערציג קאנטראקטארס פאר'ן אימפארשיל טשערמאן פאר כסדר ברעכען די פארשריפטען פון אגרימענט. די פארהערען זיינען אנגעפירט געווארען פאר אימפארשיל טשערמאן ראזענבלאט אין גרופען צו צען קאנטראקטארס אין יעדע גרופע. פיינבערג האט אליין געפירט די אנקלאגע געגען די בעלי בתים. אין זיין איינלייטונג ביים ערשטען פארהער, האט פיינבערג ערקלערט, אז מיט די קלאגען זוכט נים די יוניאן צו באוויזען געוויסע פארברעכענס פון דעם אגרימענט, וואס די באטרעפענדע בעלי בתים זאלען האבען איצט באגאנגען. „דער צוועק אונזערער — האט פיינבערג געזאגט איז אפצושטעלען די סיסטעמאטישע איבערטרעטונגען פון אגרימענט, וואס די בעלי בתים באגייען און צווינגען זיי דורך דער מאכט פון געזעץ אין דער אינדוסטרי איינצולייגען סעקיוריטי, וואס זאל פארזיכערען, אז זיי וועלען נאכקומען די באדינגונגען פון דעם קאלעקטיווען אגרימענט". דער אימפארשיל טשערמאן האט באשטראפט א צאל קאנטראקטארס מיט געלט־שטראפען און די מערסטע פון זיי מוזען איינלייגען באנדס אלס סעקיוריטי, אז זיי וועלען אפהיטען דעם אגרימענט. די באנדס זיינען אויף דער סומע פון 250 דאלער ביז 1,500 דאלער יעדע.

⁂

די ניו יארקער קלאוק דזשאינט באארד האט פארקלאגט די פירמע „אליוו קאוט קאמפאני" אין געריכט און געפאדערט אן אינדזשאנקשאן, וואס זאל איר פארבאטען ברעכען דעם אגרימענט מיט דער יוניאן.

מיט עטליכע וואכען צוריק האט דער אימפארשיל טשערמאן געאורדערט דער פירמע צו לאזען אונטערזוכען די ביכער. די פירמע האט זיך אנטזאגט אויסצופאלגען די ענטשיידונג און די יוניאן האט זיך געווענדעט אין געריכט.

## טראקער געצוואונגען צוריקנעמען דרייווער און צאלען אים פאר דער צייט

אלס רעזולטאט פון דעם ברוקלינער סטאפעדזש, האט די טראק דרייווערס יוניאן לאקאל 102 געצוואונגען א טראק אייגענטימער צוריקנעמען אן ענטזאגטען דרייווער און באצאלען אים פולע שכירות פאר דער צייט וואס ער האט פארלארען.

ווי סאול מעץ, מענעדזשער פון לאקאל גיט איבער איז די ענטשיידונג פון אימפארשיל טשערמאן א וויכטיגער פרעצעדענט פאר אלע ענליכע פאלען, ווייל עס שטעלט פעסט, אז א מיטגליד פון דער יוניאן וואס אנטזאגט זיך צו פירען ארבייט אויף דעם באפעל פון דער דזשאינט באארד, קען נים אנטזאגט ווערען פון דער ארבייט, ווייל ער האט א רעכט דערצו לויט דעם קאלעקטיווען אגרימענט.

די ענטשיידונג איז ארויסגעגעבען געווארען אין דער קלאגע, וואס די טראק דרייווערס יוניאן האט געבראכט געגען דער טראקינג פירמע „דזשעק לעווין ענד קאמפאני", וועלכע האט אנטזאגט פון דער ארבייט ברודער רובי ליפסקי, א מיטגליד פון לאקאל 102 דערפאר וואס ער האט זיך ענטזאגט צו פירען ארבייט פאר ברוקלינער שעפער אין צייט פון סטאפעדזש. די פירמע האט געטענה'ט, אז ליפסקי האט געווארפען די ארבייט און ער איז דאריבער נים בארעכטיגט צום דזשאב. אט די האנדלונג פון באס איז גוט באוויזען געווארען פון דער טראקערס אסאסיאיישאן, וואו די פירמע באלאנגט.

די קעיס איז געבראכט געווארען פאר'ן אימפארשיל טשערמאן פון ברודער י. פיינבערג און סאול מעץ, וועלכע האבען אנגעוויזען, אז ליפסקי האט נים פארלאזען דעם דזשאב. נאר ער האט אויסגעפאלגט דעם פארלאנג פון דער דזשאינט באארד, וועלכע האט געבעטען, אז דאס פירען ארבייט צו און פון די ברוקלינער שעפער זאל אפגעשטעלט ווערען דורך דער צייט פון סטאפעדזש. דער אימפארשיל טשערמאן האט ענטשיידען, אז דער קאלעקטיווער אגרימענט גיט די מיטגלידער פון לאקאל 102 דאס רעכט צו העלפען דער קלאוק דזשאינט באארד אין איהר קאמפיין און דער ארבייטער קען דערפאר נים באשטראפט ווערען מיט פארלירען דעם דזשאב. ער האט דאריבער ענטשידען, אז די פירמע דארף דעם ארבייטער באצאלען די פולע שכירות פאר דער פארלארענער צייט און אים צוריקנעמען צו דער ארבייט.

# ניט־גודס ארבייטער גרייטען זיך צו באנייאונג פון אגרימענטס

די ניט־גודס ארבייטער יוניאן לאקאל 155 האלט אין איר ענערגישע טעטיגקייט אן אפשטעל. כאטש עס איז נאך איבער פיר מאנאטען ביז דעם 15טען יולי, ווען דער איצטיגער אגרימענט אין טרייד וועט אויסגיין. מאכט שוין די יוניאן פארבארייטונגען פאר יעדען פאל וואס עס קען פארקומען. ווי לואיס נעלסאן, מענעדזשער פון לאקאל, גיט איבער, איז ביי דעם לעצטען שאפ טשערמאן מיטינג שוין דיסקוטירט געווארען די פראבלעמען פון דער יוניאן ביי דער געלעגענהייט. נעלסאן האט ערקלערט, אז די יוניאן וועט צוזאמענרופען קאמיטעס פון שאפ טשערלייט פון יעדען טייל פון דער אינדוסטריע צו פארמולירען די פאדערונגען וואס די יוניאן זאל ארויסשטעלען צו דעם נייעם אגרימענט און די מיטגלידער וועלען כסדר געהאלטען ווערען אינפארמירט איבער די אנטוויקלונגען.

די ניט־גודס מאכער גרייטען זיך שוין אויך צו ערוויילען דעלעגאטען צו דער קומענדער קאנווענשאן. נעלסאן ווייזט אן אז די קומענדע קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנאל איז פון באזונדער וויכטיגקייט פאר די ניט־גודס מאכער, ווייל צום ערשטען מאל וועלען ביי דער קאנווענשאן זיין פארטראטען דעלעגאטען פון צען ניט־גודס לאקאלען איבערן לאנד. די לעצטע קאנווענשאן אין אטלאנטיק סיטי האט באשלאסען אנצופירען אן ארגאניזאציאנס קאמפיין אין ניט־גודס טרייד איבערן גאנצען לאנד, וואס עס איז אויך דורכגעפירט געווארען. ביי דער קומענדער קאנווענשאן וועט מען דארפען קריגען די צושטימונג פארטזעצען די ארבייט און פארענדיגען די אויפגאבע צו ארגאניזירען דעם גאנצען טרייד.

## נאך א באס געצוואונגען צו צאלען טויזענדער דאלער בעק פעי.

מיר האבען שוין פריער געמאלדען וועגען א גרופע בעלי בתים אין ניט־גודס טרייד וואס זיינען געצוואונגען געווארען דורך דער שטונדען־שכירות אדמיניסטראציע צו צאלען א פערטעל מיליאן דאלאר אין בעק פעי צו די היים־ארבייטער וואס האבען פאר זיי געשטריקט קינדערשע סוועטערס פאר הונגער־שכירות. דעם מאנאט איז נאך אן א פירמע געצוואונגען געווארען צו צאלען זייערע היים־ארבייטער די סומע פון 27,000 דאלאר אין בעק פעי. די פירמע איז די „קאמאדאר ניטינג מילס", פון 250 מור סטריט, ברוקלין. די אונטערזוכונג פון פארטרעטער פון שטונדען־שכירות קאמיסיע האבען אויפגעדעקט, אז די פירמע האט געצאלט אירע היים־ארבייטער אזוינע פרייזען, אז זיי פלעגען פארדינען אזוי ווייניג ווי פינף סענט א שטונדע.

לאקאל 155 האט אנגעהויבען איר קאמפיין געגען די סוועט־שאפ באדינגונגען אונטער וועלכע עס ארבייטען די היים־ארבייטער אין שטריקער טרייד, מיט א יאר צוריק. איצט הויבט עס אן ברענגען פרוכט. די בעלי בתים הויבען אן אויסגעפינען אז זיי קענען מער ניט אנפירען קיין גרויסע געשעפטען אויף דעם הונגער און אוממענשליכער עקספלואטאציע פון ארעמע פרויען און קינדער.

זיך באנוצענדיג מיט די אויפדעקונגען פון דער רוויבערייי וואס ווערט באגאנגען געגען די שוצלאזע פרויען און קינדער וואס ווערען געצוואונגען ארויסצונעמען ארבייט אהיים צו דערהאלטען די נשמה, האט די פירערשאפט פון ניט־גודס לאקאל ארייגעגעבען א סטייטמענט צו דער „וועיז ענד מינז קאמיטע" אין אלבאני, ביים פארהער וועגען שניידען דעם בודזשעט, דערקלערענדיג אז דורך דעם וואס די רעגירונג זוכט צו שפארען עטליכע דאלאר פון דער אפטיילונג פאר פרויען אין דער אינדוסטרי און ווידזש מינימום, איז די געצוואונגען ארויסצוגעבען מיליאנען דאלאר א יאר אלס סובסידיע פאר טשיילדער בענעפיטס. די יוניאן ווייזט אן אז איבער דעם וואס די רעגירונג ביורא האט ניט די נויטיגע געלט מיטלען צו צווינגען די בעלי בתים אפצוהיטען דעם שטונדען־שכירות געזעץ, ווערען טויזענטער פרויען געצוואונגען צו ארבייטען פאר א דאלאר א האלב א וואך און די רעגירונג מוז ברענגען אט די פאמיליעס מיט רעליף.

## לאקאל 155 אינסטאלירט ארבעטער־רינג ברענטש.

לאקאל 155 האט ארגאניזירט אן אייגענעם ברענטש פון ארבייטער רינג פון זיינע מיטגלידער. דער נייער ברענטש 255אי, איז אינסטאלירט געווארען ביי א זעלטען שיינעם צוזאמענקונפט אין אפיס פון דער יוניאן. עס זיינען דארט אנוועזענד געווען פארטרעטער פון די אנדערע ברענטשעס און לאקאלס פון דער אינטערנעשאנאל פון די ברענטשעס אין לאקאל 22, 60 און 10, וועלכע האבען באגריסט דעם נייעם ברענטש. פרינס צוקערמאן פון דער נאציאנאלער עקזעקוטיווע, האט איבערגעגעבען דעם טשארטער צו ברודער נעלסאן. ביים אינסטאלישאן איז דורכגעפירט געווארען א מוזיקאלישע פראגראם פון דעם קינדער־מאנדאלין ארקעסטער פון דער ניט־גודס ארבייטער יוניאן וועלכע האבען געשפילט פאלקס־מעלאדיען פון פארשידענע פעלקער. דער קאנדוקטאר פון ארקעסטער, ד. אלטמאן, האט אויך געגעבען עטליכע קאנצערטינא סאלאס. דער ארקעסטער און זיין קאנדוקטאר האבען געקראפען א באגייסטערטע אויפנאמע פון עולם.

# אוט אוו טאון שעפער ליידען אויך פון אוט אוו טאון קאנקורענץ

ווען אונזערע מיטגלידער אין ניו יארק באקלאגען זיך אויף דער קאנקורענץ פון אוט אוו טאון שעפער מאכען זיי געווינליך ניט קיין אונטערשייד פון שעפער ביז שעפער. פאר זיי וועט דאריבער אפשר זיין א נייעס צו הערען, אז מיטגלידער פון אונזערע לאקאלס אין דער טעריטאריע פון איסטערען אוט אוו טאון דעפארטמענט, ליידען אויך פון דער קאנקורענץ פון „אוט אוו טאון" אפשר ניט פיל ווייניגער ווי אונזערע ארבייטער אין ניו יארק. עס וועט אפשר קלינגען ווי א פאראדאקס, אבער דאס איז א פאקט. ווי מען קען עס זען פון פאלגענדע באמערקונגען, וואס וויים־פרעזידענט הערי וואנדער פון דעם אוט אוו טאון דעפארטמענט האט געמאכט וועגען דעם באשלוס פון דער קאנפערענץ פון אינטערנעשאנאל פארטרעטער אנצוהויבען א שטארקען ארגאניזאציאנס קעמפעין איבערן גאנצען לאנד אין דעם קאטאן דרעס טרייד. ער שרייבט:

„די נאציאנאלע קאנפערענץ פון פארטרעטער פון די דרעס מארקעטס איבער'ן לאנד, האט ארייגעבראכט קלארקייט אין דער אוט אוו טאון פראבלעם, וואס עס האט אונז ביז איצט געפעלט. פון די באריכטען ביים קאנפערענץ ווייזט זיך ארויס, אז אלע ארגאניזירטע צענטערס אין און אויסערהאלב ניו־יארק ליידען פון דער קאנקורענץ פון אפענע שעפער, וואס ארבייטען אונטער שענדליך־נידעריגע סטאנדארדס. די סארטען סוועט שעפער זיינען ניט באגרענעצט צו א באשטימטער טעריטאריע זיי געפינען זיך איבעראל און מאכען צייטענווייז אוממעגליך אנצוהאלטען באדינגונגען אין אונזערע יוניאן שעפער.

דער ארגאניזאציאנס דרייוו איבערן גאנצען לאנד, וואס עס ווערט אונטערגענומען, וועט באזייטיגען אט דעם איבעל פון וועלכען דער טייל פון דער אינדוסטרי ליידט. דורך אויפהויבען די ארבייטס סטאנדארדס אין די איצטיגע ניט יוניאן שעפער, וועט באזייטיגט פארקלענערען דעם ניט יושר'דיגען פארצוג, וואס זיי האבען איצט אין מארקעט און וועט מעגליך מאכען, אז אונזערע יוניאן שעפער זאלען קריגען א גערעכטערען טייל פון דער ארבייט".

ווי מיר זעהען פון די באמערקונגען, איז עס ניט אזוי א פראגע פון ניו יארק און אוט אוו טאון, ווי א פראגע פון יוניאן און ניט־יוניאן שעפער. עס איז אלט די אלטע, אלטע פראגע מיט וועלכע אונזערע יוניאנס ראנגלען זיך אלע יארען. עס איז א פראגע פון ארגאניזירען די ניט־ארגאניזירטע ארבייטער און קריגען פאר זיי מענשליכע ארבייטס באדינגונגען. דער קאמפעין, וואס די אינטערנעשאנאל נעמט איצט אונטער איבערן לאנד אין קאטאן דרעס טרייד וועט זיכער פיל העלפען אפשוואכען אט די קאנקורענץ.

## דרייצען מיטגלידער אין ניו דזשוירזי קריגען 4,000 דאלאר בעק־פעי

דרייצען מיטגלידער פון אונזער אינטערנעשאנאל אין בעלמאר ניו דזשוירזי, האבען געקראגען דורך דער נעשאנאל לייבאר באארד אנטשיידונג בעק פעי פון זייער פירמע אויף דער סומע פון פיר טויזענט דאלאר. די

געלט איז די אויסגעצאָלט געוואָרען פאַר צייט פאַרלוסט, וואָס זיי האָבען געהאַט ווען די פירמע האָט זיי אנטזאָגט פון דער ארבייט פאַר יוניאָן טעטיגקייט. די געלט איז זיי אויסגעצאָלט געוואָרען דורך דעם פאַרטרעטער פון דער לעיבאָר באָארד נייטהען פּאָמעראַנץ אין אָפיס פון דער יוניאָן אין בעיאָן.

אויך די קעיס וואָס דער אוט אָוו טאָון דעפּאַרטמענט פירט אָן געגען דער סאָמערוויל מאַנופעקטשורינג קאָמפּאַני פון סאָמערוויל ניו דזשוירזי, פאַר דער לעיבאָר רילעישאָנס באָארד האָלט ביים פאַרענדיגט ווערען. ווי ברודער הערי פּאָזנער, פאַרוואַלטער פון דעם פּלעינפיעלד געגענד צו וועלכען דער שאַפּ געהערט מעלדעט, האָט די לייבאָר באָארד געוואָרענט דעם בעל הבית, אַז זי וועט אים קלאָגען אין געריכט פאַר פאַראכטונג אויב ער וועט גלייך ניט צוריקנעמען די ענטזאָגטע ארבייטער פאַר יוניאָן טעטיגקייט. די פירמע האָט איצט איינע פון די צוויי ברירות: ענטוועדער צוריקנעמען די אַרבייטער און צאָלען זיי עטליכע טויזענט דאָלאַר פאַר פאַרלאָרענער צייט, אָדער גיין אין פריזאָן פאַר ברעכען דעם געזעץ.

## צוויי שעפּער סעטלען מיט דער יוניאָן

לאָקאַל 77 פון קאָראָנאָ לאָנג איילאַנד, האָט געוואוּנען דעם סטרייק געגען דער „טריאָן בלאָוז קאָמפּאַני", וועלכע באַשעפטיגט אין סעזאָן 60 אַרבייטער. דער סטרייק האָט געדויערט דריי וואָכען און איז אָנגעפירט געוואָרען פון ברודער דזשעק גראָסמאַן, מענעדזשער פון לאָנג איילאַנד טעריטאָריע פון אוט אָוו טאָון דעפּאַרטמענט. דער אַגרימענט שטעלט איין פאַר די אַרבייטער אַ 35 שטונדיגע אַרבייטס־וואָך און די מינימום סקעילס און באַדינגונגען, וואָס די בלאָוז אַרבייטער אין ניו יאָרק האָבען אונטער זייער אַגרימענט אין דער אינדוסטרי. פאַר'ן סטרייק האָבען די אַרבייטער דאָרט געאַרבייט 40 שטונדען אַ וואָך פאַר שכירות פון זעקס ביז צוועלף דאָלאַר.

דזשאָזעף סידאָר, עמבראָידערי מאַנופעקטשורער פון גאַרפילד ניו דזשוירזי, האָט נאָך אַ פאַרהער פון דער לעיבאָר באָארד אונטערגעשריבען אַן אַגרימענט מיט לאָקאַל 162 פון פּעטערסאָן, איינשליסענדיג די זעלביגע באַדינגונגען, וואָס עס ענטהאַלט דער קאָלעקטיווער אַגרימענט מיט דער אַסאָסיאיישאַן אין טרייד, וואָס דער לאָקאַל האָט ניט לאַנג צוריק אונטערגעשריבען. די אַרבייטער האָבען דורך דעם אַגרימענט געקראָגען באַדייטענדע פאַרבעסערונגען.

## אַגרימענט באַנייט אין שעפּער פון קאָטען גאַרמענט טרייד דעפּט.

עלייעס רייזבערג, מענעדזשער פון קאָטאָן גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט באַריכטעט אַז אַנצאָל אַגרימענטס זיינען באַנייט געוואָרען אין שעפּער אין דער טעריטאָריע און אין אַלע פאַלען, מיט פאַרבעסערונגען פאַר די אַרבייטער.

די „קאָמוירשעל טשילדרען וועאַר קאָמפּאַני" פון זיי ברידזש ניו דזשוירזי, האָט באַנייט דעם אַגרימענט מיט דער יוניאָן און האָט נאָכגעגעבען אַן אַנצאָל פון וויכטיגע פאַרבעסערונגען פאַר די אַרבייטער. די אַרבייטער קריגען אַ העכערונג פון איין דאָלאַר אַ וואָך אויף די שכירות דעם ערשטען מאַי און נאָך אַ דאָלאַר העכערונג דעם ערשטען יאַנואַר 1941. דער מינימום סקעיל ווערט געהעכערט צו פופצען דאָלאַר אַ וואָך; שכירות זאָל געצאָלט ווערען יעדע וואָך אנשטאָט יעדע צוויי וואָכען ווי ביז איצט און אין פאַל די לעבענס קאָסטען שטייגען מעג די יוניאָן פאָדערען אַ ווייטערע העכערונג אויף די שכירות. די פראַגע פון אַ וואָך וואַקיישאָן מיט געצאָלט, איז אָפּגעלייגט געוואָרען ביז דעם ערשטען יולי דער אַגרימענט איז געמאַכט פאַר צוויי יאָר.

די פירמע באַשעפטיגט 75 אַרבייטער און מאַכט טשילדרען דרעסעס. די אַרבייטער אַרבייטען אַלע פון וואָך. מיט די איצטיגע העכערונגען וועלען די שכירות פון אַן אַרבייטער אין דעם שאַפּ זיין פון 15 ביז 19 דאָלאַר אַ וואָך. וויים־פּרעזידענט רייזבערג, האָט אָנגעפירט די פאַרהאַנדלונגען מיט דער פירמע צוזאַמען מיט גרעיס סאַרדענגאַ, די מענעדזשער פון דיסטריקט און אַ קאָמיטע פון די אַרבייטער.

דעם מאָנאַט האָט אויך די „איסטאָן דרעס קאָמפּאַני" פון איסטאָן פּענסילווייניע, באַנייט דעם אַגרימענט מיט דער יוניאָן. די פירמע פּראָדוצירט קאָטאָן דרעסעס און באַשעפטיגט 125 בעלי מלאכות. אין דעם נייעם אַגרימענט האָבען די אַרבייטער געקראָגען אַ 35 שטונדען וואָך אנשטאָט די 40 שטונדען אַ וואָך, וואָס זיי האָבען געאַרבייט ביז איצט. די סיסטעם איז געביטען געוואָרען פון וואָך אויף שטיק אַרבייט און די וואָך אַרבייטער האָבען געקראָגען אַ העכערונג פון איין ביז דריי דאָלאַר אויפ'ן וואָך.

די פאַרהאַנדלונגען מיט דער פירמע האָט אָנגעפירט גרעיס סאַרדענגאַ, מענעדזשער צוזאַמען מיט אַ קאָמיטע פון די אַרבייטער אונטערן אויפזיכט פון סטעיט פאַרטרעטער פון דעפּאַרטמענט דייוויד גינגאָלד.

די טאַונטאָן דרעס קאָמפּאַני, אַ קאָטאָן דרעס פירמע, וועלכע באַשעפטיגט 225 אַרבייטער האָט באַנייט דעם אגרימענט דעם מאָנאַט ביי פאַרהאַנדלונגען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין אָפיס פון דער אינטערנעשאָנאַל אין ניו יאָרק. די פאַרהאַנדלונגען האָבען געפירט פאַר דער יוניאָן מעקס מאָסקאָוויץ, געהילפס מענעדזשער פון דער דרעס דזשאָינט באָארד, וויליאַם ראָס, דיסטריקט מענעדזשער פון פאָל ריווער, וואו דער שאַפּ געהערט און אַ קאָמיטע פון די אַרבייטער. נאָך לאַנגע פאַרהאַנדלונגען האָט די יוניאָן צוגעשטימט, אַז עס זאָל דאָרט פאַרלויפיג פארבלייבען די וואָך ארבייט סיסטעם. די ארבייטער האָבען געקראָגען העכערונגען אויף די שכירות, וואָס טרעפען אַן דורכשניטליך 1.50 דאָלאַר אַ וואָך.

## פּענסילווייניע לאָקאַלס סטרייקען געגען אַ דזשאָבער

עטליכע לאָקאַלס פון קאָטאָן גאַרמענט טרייד דעפּאַרטמענט פון פּענסילווייניע, פירען אַן אַ מוטיגען סטרייק געגען דער „גילמאָר פראָקס אינקאָרפּאָרייטעד". אַ ניט יוניאָן דזשאָבער, וואָס מאַכט אַ ביליגע לאַין דרעסעס.

אַט דער דזשאָבער האָט זיך נאָך אַלץ געפירט ווי „פאַר מתן תורה". ער האָט נאָך אַלץ אָנגעהאַלטען די סיסטעם פון אַרויסגעבען זיין אַרבייט צו דעם וואָס האָט אָנגעבאָטען צו מאַכען עס ביליגער און פלעגט אָפּפירען אַ רעגולערען „אָוקשאָן" פאַר די קאָנטראַקטאָרס. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די קאָנטראַקטאָרס פלעגען איינער דעם צווייטען אויסקאָנקורירען און די פּרייזען זיינען כסדר געזונקען. ביז די יוניאָן האָט באַפוילען די קאָנטראַקטינג שעפּער אָפּצושטעלען די אַרבייט פאַר דעם דזשאָבער.

די אַרבייטער האָבן נאַטירליך געפאָלגט און די דרעסעס זיינען געבליבן ליגען אין די באָקסעס אין די קאָנטראַקטינג שעפּער. דער דזשאָבער לויפט איצט אַרום מיט קאָנסטעיבעלס און דעפּיוטי שעריפס צו פּרובירען אַרויסקריגען זיין אַרבייט. פאַרלויפיג איז עס אים נאָך ניט געלונגען. די פירמע פאַרהאַנדעלט איצט מיט דייוויד גינגאָלד, פאַרטרעטער פון דער יוניאָן אין פּענסילווייניע וועגען אַ סעטעלמענט.

## קאָנפערענצען אין קאָרסעט און בראַזיר טרייד פאָרטגעזעצט

אברהם סניידער, מענעדזשער פון דער קאָרסעט און בראַזיר אַרבייטער יוניאָן לאָקאַל 32 מעלדעט, אַז די קאָנפערענצען מיט דער אַסאָסיאיישאַן פון בעלי בתים פאַר באַנייען דעם אַגרימענט ווערען פאָרטגעזעצט. דער אַגרימענט אין טרייד איז שוין אויסגעגאַנגען אָבער די אַרבייט און די באַציהונגען ווערען דערווייל אָנגעהאַלטען און עס ווערט ערוואַרטעט, אַז אַ פרידליכער סעטעלמענט וועט דאָך דערגרייכט ווערען. די יוניאָן אַלענפאַלס גרייט זיך פאַר יעדען פאַל.

די יוניאָן פאָדערט אַן אַלגעמיינע העכערונג אויף די שכירות; העכערע מינימום סקעילס, אַ וואָך וואַקיישאָן מיט געצאָלט; און דאָס יוניאָניזירען פון די פּעקערס, פאָלדערס און פלאָר־הענדס. וויכטיג איז אויך דער פאָרלאַנג פון דער יוניאָן, אַז זי זאָל מעגען אונטערזוכען די ביכער פון די בעלי בתים צו זען אויב זיי היטען אָפּ די פאָרשריפטען פון אַגרימענט. ווי סניידער ערקלערט, איז די פאָדערונג זייער וויכטיג פאַר דער יוניאָן, ווייל די ערפאַרונג האָט געוויזען, אַז פילע בעלי בתים האָבען אַרויסגעגעבען אַרבייט אויסייד אין דער צייט, וואָס זייערע אינסייד אַרבייטער האָבען ניט געהאַט גענוג מלאכה. כאָטש דאָס איז פאַרבאָטען געווען אין דעם אַגרימענט, וואָס זיי האָבען אונטערגעשריבען. ווען די יוניאָן זאָל מעגען אונטערזוכען די ביכער וואָלט אַזאַ האַנדלונג שנעל אויפגעדעקט און אָפּגעשטעלט געוואָרען. די בעלי בתים אַנטקעגען זיך אָבער פאַרלויפיג נאָכצוגעבען די פאָדערונגען פון דער יוניאָן.

## לאָקאַל 32 אין אַ נייע היים

די קאָרסעט און בראַזיר אַרבייטער יוניאָן לאָקאַל 32 ציט זיך אַריבער אין אַ נייעם אָפיס. דער באַשלוס צו געפינען אַ באַקוועמערען פּלאַץ פאַר דער אַרבייט פון דער יוניאָן איז שוין לאַנג געמאַכט געוואָרען. דער איצטיגער אָפיס איז אין אַן אַלטע געבידע און ווייט פון די מערסטע שעפּער וואו די מיטגלידער אַרבייטען. דער נייער אָפיס איז אין 932 בראָדוויי, נעבען דריי און צוואַנציגסטע סטריט אויפ'ן פינפטען שטאָק.

דער נייער אָפיס איז זייער ליכטיג און באַקוועם. עס איז דאָרט דאָ אַ גרויסער באַקוועמער אודיטאָריום פאַר אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען, וועלכער קען פאַראַנדערגעטיילט ווערען אויף קלענערע האָלס פאַר שאַפּ מיטינגען. אַ ספּעציעלער פּלאַץ איז דאָרט איינגעאָרדענט געוואָרען פאַר דעם בילדונגס דעפּאַרטמענט פון דער יוניאָן און דער קראַנקען בענעפיט אָפיס. דער צימער איז באַזונדערס גרויס, ליכטיג און לופטיג און וועט אויך דינען אַלס ביבליאָטעק, וואו מיטגלידער וועלען קענען לייען ביכער צו לייענען.

## לאָקאַל 91 קאַמפּיין ברענגט רעזולטאַטען

זינט דער אַגרימענט איז באַנייט געוואָרען אין טשילדרען דרעס טרייד, האָט די טשילדרען דרעסמאַכער יוניאָן לאָקאַל 91 אָנגעפירט אַן אויסגעצייכנעטע טיכטיגען אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין אין טרייד, וועלכער האָט שוין געבראַכט וויכטיגע רעזולטאַטען.

ווי הערי גרינבערג, מענעדזשער פון לאָקאַל 91 גיט איבער, ווערען יעדען טאָג גערופען אין סטרייק נייע שעפּער און עס ווערען געמאַכט סעטעלמענטס. די מערסטע פון די נייע אָרגאַניזירטע שעפּער זיינען טשילדרען דרעס און אינפענטס וועאַר שעפּער. די יוניאָן פּלאַנט אָבער נאָך אויך די צוויי גערופענע „דאַון טאַון" שעפּער און היט, אַז דער דיסטריקט זאָל יוניאָניזירט ווערען הונדערט פּראָצענט.

דורך דעם מאָנאַט האָט דער לאָקאַל אַריינגענומען הונדערטע נייע מיטגלידער פון צענדליגע נייע שעפּער. די אַלע שעפּער זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען דורך סטרייקס און דורך דער פּיקעט לאַין.

צווישען די נייע שעפּער, וואָס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרען דורך דעם לעצטען מאָנאַט זיינען: „קאַיאַנעס", „פּייאָניר", „פּעלט", „בעווי מאָודס", „דימערס", „הענריק", „איסטערן סטאַפּינג", „נאָוועלטי עיפּראָן" און „רעגעי".

## וואַלען אין לעידיס טעילאָרס לאָקאַל 38 דעם 15טען מאַרטש

וואַלען פאַר מענעדזשער, ביזנעס אַגענט, עקזעקוטיוו באָארד און דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן אין לעידיס טעילאָרס לאָקאַל 38, וועט געהאַלטען ווערען פרייטאָג, דעם 15טען מאַרטש. איזידאָר דזשייקאָבס, מענעדזשער פון לאָקאַל פאַר די לעצטע צוויי יאָר איז ווידער נאָמינירט פאַרן מענעדזשער אַמט און ווערט געשטיצט פון אַלע טעטיגע מיטגלידער. לואידזשי רעאָ, ביזנעס אַגענט פון לאָקאַל לויפט אויך פאַר ווידער ערוויילונג. מיטגלידער פון לאָקאַל 38 ווערען אויפגעפאָדערט צו באַטייליגען זיך.

## טאָראָנטער קלאָוקמאַכער קריגען זיבען פּראָצענט העכערונג אויף די שכירות

דורך אַן ענטשיידונג פון אימפּאַרשיל טשערמאַן ס. קראָניק, האָבען די קלאָוקמאַכער אין טאָראָנטאָ קענעדע, געקראָגען אַ העכערונג פון זיבען פּראָצענט אויף אַלע פּרייזען. די העכערונג דאַרפען זיי קריגען פאַר אַלע גאַרמענטס, וואָס זיי האָבען געמאַכט פון דעם ערשטען יאַנואַר אָן. די עקסטרא זיבען פּראָצענט וועלען זיי קריגען ביז סוף יוני. נאָכדעם קען יעדער פון די צדדים פאַרלאַנגען אַן ענדערונג.

די העכערונג האָט די יוניאָן געקראָגען צוליב דעם וואָס די פּרייזען אויף לעבענס־מיטעל אין קאַנאַדאַ איז געשטיגען צוליב דער מלחמה. לויט דער ענטשיידונג, וועלען פּרייזען אויף שטיק אַרבייט געסעטעלט ווערען לויט פריהערדיגע פּרייזען און עס וועט צוגעגעבען ווערען די זיבען פּראָצענט עקסטרא.

# סטרייק נעגען קלאוק דזשאבערס אין לאס אנדזשעלעס; דרעס־קאמפיין אין פולען שוואונג

די יוניאן אין לאס אנדזשעלעס האט דעם מאנאט ארונטערגענומען אין סטרייק די ארבייטער פון פופצען קלאוק און סוט קאנטראקטינג שעפער און האט דורך דעם פאראליזירט די ארבייט פאר די וויכטיגסטע דזשאבערס אין טרייד.

דער סטרייק אין די קאנטראקטינג שעפער איז גערופען געווארען נאכדעם ווי די יוניאן האט פאר צוויי וואכען צייט צוגעגרייט דעם באדען דורך א שטורעמדיגען קעמפעין. אנגעהויבען דעם קעמפעין האט די יוניאן מיט א דעמאנסטראציע פון איבער צוויי טויזענט קלאוקמאכער אין גארמענט סענטער. באלד נאכדעם האט די יוניאן ארונטערגענומען אין סטרייק די קאטערס און פרעסערס פון דער „טוועניטיעטה סענטשורי קאמפאני", איינע פון די וויכטיגסטע פירמעס און א מיטגליד פון דער מויר־טשאנטס מאנופעקטשורערס אסאסיאיישאן, וועלכע האט, לויט דער אויפדעקונג פון דער לאפאלעט קאמיטע געגעבען 750 דאלאר צו א פאליס קעפטען אין סטרייק אין 1936, צו געבען די פאליס־לייט א „גוד טיים".

דער סטרייק געגען די קלאוק קאנטראקטארס איז געצילט געגען די דזשאבערס, וועלכע פירען זיך נאך היינט אין לאס אנדזשעלעס ווי די דזשאבערס אין אנדערע מארקעטס האבען זיך געפירט אמאליגע יארען ווען זיי האבען ניט געהאט קיין פאראנטווארטליכקייט צו די ארבייטער, וואס נייען זייערע קלאוקס. דער רעזולטאט איז, אז אין די קאנטראקטינג שעפער הערשען נאך סוועט שאפ באדינגונגען, וואס די יוניאן איז ענטשלאסען איצט אפצושאפען. די יוניאן פאדערט דאריבער באגרענצונג און רעגיסטראציע פון קאנטראקטארס; יוניאן באדינגונגען, יוניאן שטונדען און שכירות; פרייז קאמיטעס פון די ארבייטער צו סעטלען פרייזען פאר שטיק ארבייט און ארביטריישאן מאשינערי צו שליכטען סכסוכים.

פיר פון די צוועלף דזשאבערס וועמעס ארבייט איז אפגעשטעלט געווארען האבען שוין אנגעהויבען פארהאנדלונגען מיט דער יוניאן פאר א סעטעלמענט. די פירער פון דער יוניאן ערווארטען, אז אויך די איבעריגע דזשאבערס וועלען אין גיכען סעטלען מיט דער יוניאן.

## דרעס קאמפיין מאכט פארשריט; צוויי פירמעס סעטלען

דער ארגאניזאציאנס קעמפעין אין דרעס טרייד, וואס די אינטערנעשאנאל האט אונטערנומען אין לאס אנדזשעלעס מאכט גוטען פארשריט אונטער דער ענערגישער פירערשאפט פון וויס־פרעזידענט ראוז פעסאטא און מענעדזשער פון דרעס דעפארטמענט דזשארדזש ווישניאק. אנשטאט רופען א גענעראל סטרייק אין גאנצען טרייד מיט איין מאל, רופט דארט די יוניאן איינצעלנע סטרייקס איינע נאך די אנדערע ביז דער טרייד וועט זיין ארגאניזירט. ביז איצט האט די יוניאן גערופען סטרייקס געגען דער „קאראליינא פראקס" און די „האליוואוד נאוועלטי פעשאנס". די ערשטע פירמע האט אונטערגעשריבען אן אגרימענט מיט דער יוניאן גלייך דעם ערשטען טאג ווען דער סטרייק איז ערקלערט געווארען. די צווייטע פירמע פארהאנדעלט שוין אויך וועגען א סעטעלמענט און וועט וואהרשיינליך אונטערשרייבען אן אגרימענט די טעג.

די ווירקונג פון דעם קעמפעין, וואס די יוניאן האט אנגעפירט אין דער וואך פון די סטייל שאוס, ווען א גרויסע צאל בייערס פון דרעסעס זיינען געווען אין שטאט, האט בעוויזען א שטארקע ווירקונג אויף פילע דרעס פירמעס. די [illegible], אז די ארבייט זאל אפגעשטעלט ווערען אין רעכטען ברען פון סעזאן. די יוניאן איז ענטשלאסען אויסצונוצען אט די לאגע און ארגאניזירן דעם גאנצען דרעס טרייד אין שטאט.

# אינטערנעשאנאל גיט אויף פארזוך צו ארגאניזירען קירטען טרייד

די אינטערנעשאנאל לעדיס גארמענט ווארקערס יוניאן האט אפגעשטעלט דעם פארזוך פון לאקאל 142 צו ארגאניזירען די קירטען ארבייטער אין ניו יארק, איבער דעם קלעים פון דער פארניטשור ארבייטער אינטערנעשאנעל יוניאן פאר יוריסדיקציע אין דעם טרייד.

דער קירטען טרייד איז כמעט אין גאנצען ניט ארגאניזירט אין פילע פון די שעפער אין דעם טרייד ווערט, צווישען סעזאנען, אויך געמאכט קינדערשע קליידלאך, עמבראידערי און אנדערע ארטיקלען פון פרויען קליידונג. לאקאל 142 פון דער אינטערנעשאנעל האט דאריבער אונטערגענומען א קעמפעין צו ארגאניזירען די ארבייטער אין די שעפער.

מאריס מוסטער, אינטערנעשאנעל פרעזידענט פון דער פארניטשור ארבייטער יוניאן, האט דאן געצויגען פרעזידענט דובינסקי'ס אויפמערקזאמקייט אויף דער ארגאניזאציאנס טעטיגקייט פון לאקאל 142 אין קירטען טרייד און געבעטען אים אפשטעלען דעם קעמפעין, ווייל זיין יוניאן האט יוריסדיקציע אין דעם טרייד. דובינסקי האט אויך ערהאלטען א בריף פון פרעזידענט וויליאם גרין פון דער א. פ. או ל. וועגען דעם ענין אין וועלכען ער בעט אים אויסצוגלייכען דעם יוריסדיקציע סכסוך. פרעזידענט דובינסקי האט דאריבער באפוילען מענעדזשער דזשאזעף טואזים פון לאקאל 142 אפצושטעלען דעם קעמפעין און צוגעשיקט צו דער פארניטשור ארבייטער יוניאן דעם פאלגענדען בריף:

„מר. מאריס מוסטער, פרעזידענט
יונייטעד פארניטשור ווארקערס אוו אמעריקא.
ווערטער הער און ברודער:

„איך האב ערהאלטען אייער בריף פון 26 יאנואר. זיך נאכפרעגענדיג האב איך ערפארען פון אונזער לאקאל 142, אז זיי האבען ניט געמאכט קיין פארזוך צו ארגאניזירען קירטען שעפער וועלכע זיינען אין קאנטראקטליכע פארבינדונגען מיט אייער ארגאניזאציע אדער מיט דער אמעריקאן פעדעריישאן אוו לעיבאר. וואס איז נאך מער, אונזער פארטרעטער פון לאקאל זאגט מיר, אז אין פילע פון די קירטען שעפער ווערען אויך געמאכט קליידער, וואס קומען אונטער דער יוריסדיקציע פון אונזער אינטערנעשאנעל.

„טראץ דעם אבער, כדי צו פארמיידען שטרייטיגקייטען מיט אייער ארגאניזאציע אדער מיט דער אמעריקאן פעדעריישאן אוו לעיבאר, האב איך באפוילען אונזערע פארטרעטער אפצושטעלען די ארגאניזאציאנס טעטיגקייט אין דעם טרייד".

ברידערליך אייערער,
דוד דובינסקי, פרעזידענט.

אלס ענטפער אויף דעם צושריפט האט פרעזידענט דובינסקי ערהאלטען דעם פאלגענדען דאנק בריף פון אינטערנעשאנעל פרעזידענט מאריס מוסטער:

„אייער צושריפט פון 31 יאנואר ערהאלטען. איך בעט אייך נעמט אן מיין הארציגען דאנק פאר אייער ערלידיגען די אנגעלעגענהייט.

„ווען די גאנצע ארבייטער באוועגונג וואלט אלע מאל צוגעטראטען צו אזוינע פראבלעמען אויף דעם אופן, בין איך זיכער, אז אונזער וועג וואלט געווען פיל גלאטער און אונזער ערפאלג גרעסער.

„איך בעט אייך, נעמט אן אונזער דאנק אין נאמען פון אונזער לאקאל 45 בי. און אונזער אינטערנעשאנעל יוניאן".

אויפריכטיג און ברידערליך,
(אונטערגעשריבען)
מאריס מוסטער, אינטערנעשאנעל פרעזידענט.

# דרעס פרעסערס האלטען אפ נאמינישאן מיטינג

דאנערשטאג אווענט, דעם 15טען פעברואר, איז ביי א זייער געפאקטען מיטינג, ביי וועלכען עס זיינען אנוועזענד געווען ארום 1800 מעמבערס, אפגעהאלטען געווארען נאמינישאנס פאר מענעדזשער, טשערמאן, ביזנעס אגענטען, עקזעקוטיוו באארד באאמטע, רעליף קאמיטע, דעלעגאטען צו דער אינטערנעשאנאל קאנווענשאן און עס איז אויך ערוויילט געווארען אן עלעקשאן און אבדזשעקשאן קאמיטע.

די שטימונג ביים מיטינג איז געווען א געהויבענע. מענעדזשער מאקס קאהען און טשערמאן י. וואסילעווסקי זיינען באגעגענט געווארען מיט אפלאדיסמענטען. דער מענעדזשער האט אפגעגעבען א באריכט וועגען דעם צושטאנד פון דער יוניאן בכלל און וועגען דער לאגע אין דרעס טרייד בפרט.

ער האט אנגעוויזען, אז כאטש ביי א נאמינאציע מיטינג פירט זיך ניט אז מ'זאל אפגעבען לאנגע באריכטען, פילט ער אבער אז די לאגע איז אזא ערנסטע און טראגישע, אז אפילו אין דער היץ פון נאמינישאנס טאר מען זי ניט פארגעסען. ער האט אפעלירט צו די פרעסערס צו שטיין אויף דער וואך, כדי זייערע באדינגונגען און רעכט אלס ארבייטער און טרייד יוניאניסטען זאלען ניט פארלוירען גיין.

נאכדעם ווי מענעדזשער מאקס קאהען האט אפגעגעבען זיין באריכט האבען די מיטגלידער זיך געמאלדען צום ווארט. דער ערשטער איז אויפגעטראטען א קאמוניסט. ווי געוויינליך, האט ער פארגאסען קראקאדיל־טרערען און גערעדט פון „אייניגקייט" און „דעמאקראטיע" און פון אנדערע גוטע זאכען. פאר א האלבער שטונדע האט ער שארף קריטיקירט די אדמיניסטראציע און דער טשערמאן י. וואסילעווסקי האט אים אויסגעהערט מיט א סך געדולד און מיט א גוטמוטיגען שמייכעל אויף זיין פנים. אבער ווען ער האט ענדליך געענדיגט זיין „ספיטש" האבען אים די 1800 מעמבערס אויסגעלאכט.

אינטערעסאנט איז אבער געווען, אז די זעלבע חברה וועלכע מ'האט געגעבען א געלעגענהייט צו רעדען אומגעשטערט, האבען אנגעהויבען צו טומלען און שטערען ווען הערי האפבערג, א פשוט'ער ארבייטער, האט זיי אנגעגענטפערט. טראץ זייערע שטערונגען, האט האפבערג זיי געגעבען דעם ריכטיגען ענטפער: — „גיט די אייניגקייט און דעמאקראטיע, דאס הייסט, לאזט זיי צו צו דער מאכט — האט ער געזאגט — וועלען זיי קיין געגנער ניט געבען די מעגליכקייט אפילו צו עפענען דאס מויל, זיי וועלען פון דער יוניאן ארויסטרייבען אלע סאציאליסטען, לאווסטאניסטען, אנארכיסטען, טראצקיסטען און סתם ארבייטער. זיי וועלען פשוט ארויסווארפען ווי זיי טוען עס אין דער פאריערס יוניאן און ביי זיי צונעמען די מעגליכקייט צו מאכען א לעבען"...

ער האט דערמאנט די פרעסערס, אז ניט לאנג צוריק האבען די קאמוניסטען געגעבען א שבועה אין מעדיסאן סקווער גארדען צו פארטרייבען פון די יוניאנס אלע ארבייטער וועלכע זיינען ניט איינשטימיג מיט זייער צערשטערונג־פאליטיק.

וואסילעווסקי האט אויך געשילדערט די טראגישע יארען פון 1925־1926, ווען די קאמוניסטען האבען פארכאפט די יוניאן, און וויפיל בלוט און געזונט עס האט אים אפגעקאסט ווען ער האט באדארפט קריגען א דזשאב צו פארדינען אויף א שטיקעל ברויט, אדער אפילו צו קריגען דאס ווארט ביי א מיטינג. „און דאך" — האט ער געזאגט — „האבען די קאמונאציס, וועלכע געניסען פון דער פולסטער דעמאקראטיע אין לאקאל 60, די חוצפה צו ריידען וועגען דעמאקראטיע".

נאך די דעבאטעס זיינען פארגעקומען עלעקשאנס צו דער עלעקשאן און אבדזשעקשאן קאמיטע. אלע קאנדידאטען, וועלכע שטיצען די אדמיניסטראציע, זיינען ערוויילט געווארען מיט א ריזיגער מאיאריטעט. די קלענסטע צאל שטימען וואס א קאנדידאט, וועלכער שטיצט די אדמיניסטראציע, האט געקראגען איז געווען 608. די גרעסטע צאל שטימען, וואס א לינקער קאנדידאט האט געקראגען, איז געווען 153.

די פאלגענדע קאנדידאטען זיינען דערוויילט געווארען אין דער עלעקשאן און אבדזשעקשאן קאמיטע: דייוו בערנשטיין, סאל ראזענבערג, איזידאר וואלפסאן, מאיר קראוועץ, דזשאזעף פריטצקער, טשארלס שיינער און י. זאגאסטרי.

אלס מענעדזשער איז נאמינירט געווארען דער איצטיגער מענעדזשער פון לאקאל און וויס פרעזידענט פון דער אינטערנעשאנאל, מאקס קאהען. ער איז נאמינירט געווארען פון טשערמאן פון לאקאל ברודער י. וואסילעווסקי, וועלכער האט געגעבען א עכסט אינטערעסאנטען איבערבליק פון קאהען'ס ארבייט אין דער אינטערנעשאנאל און אין לאקאל 60 בפרט. וואסילעווסקי איז ווידער נאמינירט געווארען אלס טשערמאן פון לאקאל. די נאמינאציע רעדע פאר וואסילעווסקי'ן האט געהאלטען קאהען.

די נאמינאציע פון ביידע קאנדידאטען איז אויפגענומען געווארען מיט אן אוואציע און גרויסע אפלאדיסמענטען וועלכע האבען געדויערט 5 מינוטען.

סעם סייגס, דער סעקרעטאר פון לאקאל, האט געלייענט די מינוטס פון דער עקזעקוטיוו באארד און עס איז אנאנסירט געווארען אז די עלעקשאנס אין לאקאל זיינען באשטימט געווארען אויף דאנערשטאג, דעם 14טען מערץ, 1940.

# וואס עס טוט זיך אין דזשאינט באארד פון דער קלאוקמאכער יוניאן



יך וויל אנפאנגען מיין איבערזיכט מיט ברוקלין, ווייל ברוקלין איז איינער פון אונזערע שווער פונקטען, בנוגע דער דורכפירונג פון באדינגונגען צו וועלכע די קלאוקמאכער זיינען בארעכטיגט אונטער דעם קאנטראקט.

דער ברוקלינער פראבלעם איז ניט קיין נייער אין דער יוניאן. אבער, ווי עס ווייזט אויס, איז ער אין די לעצטע יארען שווערער געווארען, אזוי אז ער איז געווארען א געפאר אונטערצוגראבען די באדינגונגען אין ניו יארק.

קיין מעגליכקייט פולשטענדיג צו לייזען די פראבלעם איז כמעט ניטא. אורזאכען פאר דעם זיינען דא א סך, און עס וואלט אפשר געווען ראטזאם אז די יוניאן זאל אין דער צוקונפט פולשטענדיג אויספארשען די לאגע פעסטצושטעלען אויב עס איז מעגליך אזא ראדיקאלע האנדלונג, וועלכע זאל איין מאל פאר אלע מאל אפשאפען די מחיצה וועלכע עקזיסטירט היינט צו טאג צווישען ניו יארק און ברוקלין.

א יוניאן איז אבער ניט קיין פילאזאפישער אינסטיטוט וואס קען זיך אפגעבען מיט דערגרונטעווען די סיבות, וועלכע שאפען די אדער יענע קאמפליקאציעס אין באצוג צו די באדינגונגען פון אונזערע בעלי מלאכות. דערפאר איז די יוניאן געצוואונגען פעריאדיש אנצופירען געוויסע טעטיגקייטען, ווי „סטאפעדזשעס" און ענליכע מיטלען, כדי צו פארלייכטערען דעם איבעל און מאכען מעגליך א שטארקערען דרוק, סיי אויף די ארבייטסגעבער און סיי אויף די ארבייטער נאכצוקומען די פארשריפטען פון אונזערע קאנטראקטען

אזוי האט די יוניאן, צום ביישפיל, געמאכט אן עקספערימענט מיט א יאר צוריק אלס רעזולטאט פון דער אונטערזוכונג וואס זי האט דעמאלט געמאכט, און געענדערט די סיסטעם פון קאנטראל אין דער ברוקלינער טעריטאריע. איך האב דא אין זינען דעם זאגענאנטען „צענטראליזאציע" פלאן. דער עקספערימענט וועלכער איז געמאכט געווארען האט, אמת, ניט אנגעהאלטען אזוי לאנג. אבער מער אדער ווייניגער איז דאך פעסטגעשטעלט געווארען אז די באדינגונגען זיינען דורך דעם ניט פארבעסערט געווארען און אז פארבעסערונגען אונטער דעם פלאן זיינען כמעט ווי אוממעגליך.

די אורזאך, ווארום איך דענק אזוי איז, ווייל איך בין פעסט איבערצייגט אז דער יוניאנ'ס כח קען ניט זיין באזירט בלויז אויף באשלוסען פון אויבען. דער כח פון דער יוניאן מוז כסדר קומען פון דער ברייטער מיטגלידערשאפט, וועלכע שטעלט צוזאמען די יוניאן. און טרוקענע וויסענשאפטליכע, אדער בעסער געזאגט, האלב־וויסענשאפטליכע מעטאדען קענען ניט לייזען די שווערע איבלען, וועלכע קלעפען זיך אזוי שטארק צו אונזער אינדוסטריע.

איך האב דערפאר פארגעשלאגען, אז מיר זאלען צוריק איינשטעלען אין דער ברוקלינער טעריטאריע אונזער אלטע מעטאדע פון קאנטראל און אטענדען צו די קאמפליינטס.

איך ווייס, אז די אלטע מעטאדע איז אויך פאר קיין פאל ניט די בעסטע מעטאדע. אום צוריקצוברענגען די געוועזענע סיסטעם מיט וועלכער מיר האבען אנגעפירט אונזער ארבעט אין ברוקלין, האט זיך גענויטיגט א קלענערע אדער גרעסערע אויפטרייסלונג. און פאר דעם צוועק האבען מיר געמאכט דעם סטאפעדזש, אדער אונטערזוכונג, ווי מיר האבען דאס גערופען, אין ברוקלין.

עס איז זייער כאראקטעריסטיש וואס טראץ די שווערע באדינגונגען און די פילע איבלען, פון וועלכע די בעלי מלאכות אין יענעם געגענט ליידען, איז זייער אפרוף אויף דעם רוף פון דער יוניאן, אפצושטעלען די ארבייט און פארלאזען די שעפער, געווען אן אויסערגעוויינליך דערפרייענדער. דערפרייענד דערפאר, ווייל עס צייגט אז דורך דעם פערטעל יאר הונדערט פון דער יוניאנ'ס טעטיגקייט, האט דער יוניאן געדאנק זיך גאנץ שטארק איינגעפעסטיגט אין די מוחות און הערצער פון די מיטגלידער. ניט געקוקט אויף אלע זייערע צרות וואס זיי האבען אויסצושטיין און אויף אלע קריוודעס וואס זיי פילען געגען דער יוניאן, האט דער פארלאנג צו מאכען עטוואס בעסער די לאגע, און דער גלויבען

## פון ישראל פיינבערג
גענעראל מענעדזשער.

וואס די בעלי מלאכות האבען, אז די יוניאן קען מאכען עטוואס בעסער, באוועגט זיי זיך צוצוהערען צו דער יוניאנ'ס רוף. נאך מיין מיינונג, איז דאס איינע פון די ערשיינונגען, מיט וועלכע די יוניאן קען שטאלצירען.

ווען דער רוף איז געמאכט געווארען, האבען פאקטיש זיך אפגעשטעלט אלע שעפער וועלכע געפינען זיך אין יענער טעריטאריע. דורך דער צייט פון דער אונטערזוכונג איז פעסטגעשטעלט געווארען ביי מיר צוויי זאכען.

ערשטענס: — אז די גרעסטע שולד פאר די באדינגונגען וואס הערשען אין ברוקלין מוז צוגעשריבען ווערען אויפן חשבון פון די „דזשאבערס" וועלכע ווענדען אן יעדען מיטעל כדי ארויסצוברענגען די ארבייט וואס זיי מאכען אין יענער טעריטאריע פאר אזוי ביליג ווי נאר זיי קענען דאס קריגען. די קאנטראקטארס אין יענעם געגענט און טיילוויז די בעלי מלאכות האט מען געמאכט א פארזוך איינצורעדען אז ניו יארק זוכט אוועקצונעמען די ארבייט פון זיי, און אויב זיי ווילען די ארבייט ניט פארלירען, זאלען זיי בעסער פאלגען וואס די דזשאבערס און מאנופעקטשורערס וועלכע געבען זיי ארבייט ארויס הייסען זיי. עס האט זיך געשאפען א לאגע, אז מיט דער אויסנאם פון א קליינעם טייל קאנטראקטארס, וועלכע האבען זיך אריינגעכאפט אין ברוקלין אן וועלכער עס איז בארעכטיגונג, זיינען דער גרעסטער טייל פון יענע קאנטראקטארס פאקטיש אונטערן קנאפעל פון די ניו יארקער ארבייטסגעבער וואס שיקען ארבייט אין יענער טעריטאריע.

צווייטענס: — איז נאך מיין מיינונג פעסטגעשטעלט געווארען, אז אום אפצושאפען אדער פארלייכטערען אט די איבלען, פאדערט זיך א באשטענדיגער אפאראט, וועלכער זאל טאג איין טאג אויס, האלטען אפען די אויגען און אנווענדען אלע קרעפטען אז די רעגולאציעס וועלכע זיינען איינגעשטעלט אין אונזער אינדוסטריע, זאלען דורכגעפירט ווערען. אזא אפאראט איז שוין איינגעשטעלט געווארען. דאס אליין איז אבער ניט גענוג. צו דעם אפאראט איז נויטיג אז די בעלי מלאכות אין ברוקלין זאלען כסדר זיין אונטערן אויפזיכט פון דער יוניאן. מיט דעם מיין איך, אז מיר זאלען די בעלי מלאכות כסדר לערנען און אגיטירען זיי, ערקלערען זיי זייער רעכט און מאכען זיי קאמפס־פעהיג. מיר מוזען זיי מאכען פילען, אז יעדער צוזאמענשטויס, וואס זיי האבען מיט זייערע בעלי בתים, וועט פון דער יוניאן אונטערשטיצט ווערען אין דער פולער מאס. ווען מיר וועלען דאס טאן, וועלען מיר די לאגע אין ברוקלין קענען פיל פארבעסערען.

איך קען זיך פארשטעלען אז א סך פון אונזערע מענשען וועלען מיט א שמייכעל אונטער די וואנצעס זאגען: „אנטדעקט אמעריקע!" בין איך זיך מודה גלייך דא בפני כל עם ועדה אז איך האב דא ניט געמאכט קיין נייע אנטדעקונג. אבער איך האלט, אז דער איינציגער ווירקזאמער מיטעל וועלכען די יוניאן האט, איז צו מאכען די ארבייטער באוואוסטזיניג כדי זיי זאלען קענען פארבעסערען זייער אייגענע לאגע, און גלייכצייטיג ווערען א קלענערע געפאר פאר די אנדערע בעלי מלאכות. נאר דורך דעם וועג וועלען מיר קענען ארויסרייסען מיטן ווארצעל די פאלשע פראפאגאנדע וועלכע ווערט אבזיכטליך אנגעפירט פון יענע בעלי בתים וועמענס פראפיטען שטייען העכער פאר זיי ווי מענשליכע אינטערעסען.

דורך דער צייט פון דער אונטערזוכונג, וואס מיר האבען געמאכט אין ברוקלין, האבען מיר זיך ספעציעל פאראינטערעסירט מיט א רייע קאנטראקטארס וועלכע מיר האבען פריער באצייכענט אלס די „אויסנאמס פעלע". וועלכע האבען זיך אריינגעריסען אין יענער טעריטאריע אן שום בארעכטיגונג. מיר האבען זיי גערופען פאר דעם אומפארטייאישען טשערמאן איינעם נאכן צווייטען, כסדר פאר צוויי וואכען צייט, און געצוואונגען זיין אויפמערקזאמקייט אז די קאנטראקטארס מאכען ספעציעלע שוועריגקייטען און שטערונגען פאר דער יוניאן דורכצופירען אין זייערע שעפער די פארשריפטען פון

אגרימענט. דער אומפארטייאישער טשערמאן האט אויסגעהערט יעדען פאל און באשטימט געוויסע שטראפען און געלט פארזיכערונגען, אז זיי זאלען אין דער צוקונפט אויספאלגען דעם קאנטראקט, און האט זיי געווארענט ניט איבערצו'חזר'ען די פארלעצונגען.

די יוניאן וועט זיך מיט דעם ניט באגנוגענען. מיר וועלען רופען צו פאראנטווארטליכקייט די דזשאבערס און די מאנופעקטשורערס וועלכע שיקען ארבייט צו די קאנטראקטארס און וועלכע טראגען א היבשע מאס שולד, נאך אונזער מיינונג, פאר דער לאגע וואס עקזיסטירט אין די שעפער. די יוניאן וועט אנווענדען צום פולסטען דעם לעגאלען אינסטרומענט וועלכען מיר האבען, נעמליך, דעם אגרימענט, און אויך אלע אנדערע מעגליכקייטען אום איינצופירען א קאנטראל אין די שעפער.

מיר האבען שוין איינגעשטעלט אפיסעס אין די פארשידענע טיילען פון ברוקלין און אריינגעשיקט אהינצו א באשטימטע צאל ביזנעס אגענטען. דער מענעדזשער פון דער ברוקלינער טעריטאריע איז וויס־פרעזידענט א. קאטאנע, מיט א צאל אסיסטענטס אין די אנדערע געגענטען אין ברוקלין, בענסאנהוירסט און בראנזוויל. מיר ערווארטען דארטען אנצופירען א זייער לעבעהאפטע טעטיגקייט און אריינצוציען וואס מער מעמבערס אין דער אקטיוויטעט אין יענעם געגענט.

ביי דער געלעגענהייט וויל איך אויסדריקען מיין פערזענליכען דאנק און דעם דאנק פון דער יוניאן צו די הויפט פירער פון דער אונטערזוכונג, אדער סטאפעדזש. זיי האבען באמת אנגעווענדעט אלע זייערע כוחות ווייל אין א זייער קורצער צייט איז אונז געלונגען, א חוץ פארבעסערען דא אדער דארטען די באדינגונגען, פאקטיש צו קריגען א גענויען בילד פון דער אמת'ער לאגע אין ברוקלין. איך בין זיכער אז ווען מיר וואלטען געקענט — און מיר וועלען, נאך מיין מיינונג, דאס מוזען טאן אין דער צוקונפט — איינפירען אזא מין פארצווייגטע טעטיגקייט און עס דורכפירען מיט אזוי פיל ענערגיע ווי עס איז געטאן געווארען אין די עטליכע טעג, וואלט די לאגע אין ברוקלין געווארען אין דער נאענטער צוקונפט פיל בעסער ווי זי איז אצינד.

איך וויל אויך זאגען ביי דער געלעגענהייט אז דער אוט־אוו־טאון דעפארטמענט האט אונז געגעבען די בעסטע קאאפעראציע וואס עס איז נאר געווען מעגליך.

די קאמיטע וועלכע האט אנגעפירט מיט דער ארבעט איז באשטאנען פון דעם טשערמאן ב. קאפלאן, מענעדזשער פון לאקאל 117, וועלכער האט ניט געשפארט קיין ענערגיע פאר טאן די ארבייט. ברודער ברעסלאו איז געווען טשערמאן פון דער לאו קאמיטע און האט געטאן אלץ אין זיינע מעגליכקייטען אז אלץ זאל דורכגעפירט ווערען אין דער בעסטער ארדנונג אן שטערונגען און שוועריגקייטען.

ברודער סארקין, וועלכער איז געווען דער טשערמאן פון דער האל און ארגאניזאציאנס קאמיטע, האט אויפגעפאסט אז מיטינגען זאלען אפגעהאלטען ווערען מיט יעדען שאפ איידער ער איז געגאנגען צוריק צו דער ארבייט.

מיר האבען אויך געקראגען די פולע קאאפעראציע פון ברודער נאגלער, מענעדזשער פון לאקאל 10, ברודער ע. מאליסאני, מענעדזשער פון לאקאל 48, און ברודער פרענק קאמונאלע, דער אסיסטענט מענעדזשער פון לאקאל 48.

וויס־פרעזידענט קאטאנע איז געווען דער טשערמאן פון דער פיקעט קאמיטע, און ברודער מעץ און זעלדין האבען אים ארויסגעהאלפען.

ברודער לאנגער איז געווען דער סעקרעטאר פון דער קאמיטע און ברודער אשביז איז געווען אין דער לאו קאמיטע.

ברודער סלוצקי האט זיך זייער אויסגעצייכענט און, א רייע פון אנדערע פון די טוער פון דער יוניאן, וועמענס נעמען עס וואלט גענומען צו פיל פלאץ אויסצורעכענען, האבען זייער טיכטיג און גוט געארבייט דורך דער גאנצער צייט.

איך וויל זיך אויך אפשטעלן אויף א ספעציעלער פאזע פון אונזער אונטערנעמונג אין ברוקלין, און דאס איז אין שייכות מיט די טראק דרייווערס. ווען מיר האבען באשלאסען דורכצופירען די אונטערזוכונג אין

ברוקלין, האבען מיר זיך געווענדעט צו די טראק בעלי בתים און זיי ערקלערט די וויכטיגקייט פון אונזער אויפגאבע און געפאדערט זייער קאאפעראציע אין אפרייניגען אביסעל די סיטואציע דארטען. די טראקס פירען ארבייט אין פילע פלעצער וואו זיי האבען קיין רעכט ניט, לויט אונזער קאנטראקט, וועלכען מיר האבען מיט די טראק אייגענטימער אסאסיאיישאן און מיר האבען פארלאנגט פון זיי אונז צו העלפען אין דער צייט פון דעם סטאפעדזש. נאר די טראק אייגענטימער אסאסיאיישאן, פונקט ווי אלע אסאסיאיישאנס וועלכע רעדען פון סטאביליזאציע און ארדער און קאאפעראציע, ווען עס קומט דורכצופירען א געוויסען פלאן, איז פאר דער אדער יענער אורזאכע, קיינער ניטא אין דער היים.

האבען מיר גערופען א מיטינג פון די מעמבערס אונזערע ביי וועלכען ברודער מעץ, אלס מענעדזשער, און איך האבען גערעדט צו די טראק ארבייטער וועגען אונזער אונטערנעמונג. נאכדעם ווי מיר האבען זיי ערקלערט וואס מיר האבען אין זינען צו טאן, האבען זיי, ווי גוטע יוניאן־לייט, אונטערשטיצט דעם באשלוס פון דזשאינט באארד, און טאקע באמת געגעבען 100% קאאפעראציע פאר דער אונטערנעמונג, ניט נעמענדיג אין אכט די טענות פון זייערע בעלי בתים.

איך האב זיך אפגעשטעלט אויף דער פאסירונג דערפאר ווייל די טראק ארבייטער זיינען א יונגער צווייג אין אונזער יוניאן. איך בין זיכער, אז מיט דער צייט וועלען די בעלי מלאכות פארשטיין אז זיי מוזען זיין איבערגעבען און לאיאל צו זייער יוניאן און אז זייערע אינטערעסען אלס ארבייטער, זיינען גאנץ אנדערע ווי די אינטערעסען ביי וועמען זיי זיינען באשעפטיגט. און דאן וועלען זיי אזוי באווארענען זייער יוניאן אז זיי וועלען קענען באזיגען זייערע בעלי בתים און באזייטיגען אין מאל פאר אלע מאל אלע אנדערע וועלכע מאכען שוועריגקייטען פאר זייער יוניאן פון צייט צו צייט.

∴

איצט וועגען דער אלגעמיינער ארבייט אין דער יוניאן — די קאמפלעינטס, שטרייטען מיט די בעלי בתים א. אז. וו. אויף דעם געביט טוט די יוניאן אלץ מעגליכעס וואס עס קען געטאן ווערען. עס זיינען אבער אין דער יוניאן פאראן א רייע זייער פארפלאנטערטע פראבלעמען וועלכע האבען צו טאן מיט דעם ארגאניזאציאנעלען געבוי. עס איז מיין מיינונג, אז ווען מיר וואלטען די דאזיגע אינערליכע פראבלעמען באטראכט פון דעם שטאנדפונקט פון דער אלגעמיינער יוניאן, וואלטען א סך שוועריגקייטען געקענט באזייטיגט ווערען, אזוי, אז די יוניאן זאל זיין בכוח אנצוגיין מיט א מער נארמאלען גאנג ווי ביז איצט.

נאר וועגען דעם און וועגען א רייע אנדערע פראבלעמען וועלכע ריגלען ארום די יוניאן, האף איך אין דער נאענטער צוקונפט זיך דורכצורעדען מיט די קלאוקמאכער, ווייל איך בין זיכער אז זיי זיינען זייער פאראינטערעסירט אין די אלע פראגען. איצט וויל איך בלויז דערמאנען איין זאך — און דאס איז די פראגע וועגען קריגען פאר ניו יארק א גערעכטערע טייל פון ארבייט. איך האב ניט פאר מיר איצט די ציפערען וואס וואלטען געקענט אנדייטען ווי ווייט ערפאלגרייך מיר זיינען געווען אין דער אונטערנעמונג. איין זאך איז קלאר — דער פלאן פון קריגען א גערעכטערען טייל ארבייט פאר ניו־יארק איז היינט ניט פארווירקליכט געווארען, ווי מיר אלע האבען ערווארטעט.

די שוועריגקייטען, אין וועלכע דער פלאן איז פארוויקעלט, מאכען די פולשטענדיגע דורכפירונג פון דעם פלאן אויסערגעוויינליך קאמפליצירט. איין זאך, אמווייניגסטענס, בין איך איבערצייגט דורך דער ערפארונג וואס מיר האבען ביז איצט געהאט אויף דעם געביט, אז א מער יושר'דיגע צעטיילונג פון ארבייט קען דורכגעפירט ווערען צו א גרויסער מאס אין פראקטישען לעבען.

איך הייס, אז זינט מיר האבען אויסגעארבייט דעם פלאן איז ביז א גרויסער מאס אריינגעבראכט געווארען א בעסערע פארטיילונג פון ארבייט. דער פלאן אבער האט אויך א ספעציעלע באהאנדלונג און, ווי שוין געזאגט, האף איך אין דער נאענטער צוקונפט צו רעדען צו די קלאוקמאכער וועגען דעם ענין און א סך אנדערע ענינים וואס האבען א שייכות מיט די באדינגונגען אונטער וועלכע אונזערע ארבייטער ארבייטען.

# דער צושטאנד פון דער קלאוק אפעריייטארס יוניאן לאקאל 117

(אנשטאט א באריכט פון לעצטען גענעראל מעמבער מיטינג)

## פון א. גלאטשטיין.

ביי דער אלגעמיינער פארזאמלונג פון די מיטגלידער פון דער קלאוק אפערייטארס יוניאן לאקאל 117, האט זיך קלאר אפגעשפיגעלט דער איצטיגער צושטאנד אין אונזער לאקאל און דער געזונטער פארשטאנד פון אונזערע מיטגלידער וועלכע לאזען זיך מער ניט פארפירען פון פאלשע אישוס.

די פארזאמלונג, וועלכע איז אפגעהאלטען געווארען דאנערשטאג דעם 16טען פעברואר, איז גערופען געווארען ספעציעל פאר דעם אויסשליסליכען צוועק צו ערוויילען א נייעם טשערמאן פארן לאקאל. דאס איז נויטיג געווארען ווען ברודער באדלענדער, דער טשערמאן פון אונזער לאקאל, איז מיט דער גוטהייסונג פון די מיטגלידער פון לאקאל באשטימט געווארען אלס ביזנעס אגענט אויפן סטעף אין ברוקלין וואס איז נויטיג געווארען נאך דעם סטאפעדזש. לויט דער טראדיציע פון אונזער לאקאל, אז קיין באצאלטער באאמטער זאל ניט אנהאלטען גלייכצייטיג אן אמט אין דער עקזעקוטיוו, דזשאינט באארד אדער אלס לאקאל טשערמאן, האט ברודער באדלענדער רעזיגנירט פון דעם טשערמאן־אמט און עס איז נויטיג געווען צו ערוויילען א נייעם טשערמאן אויף זיין פלאץ. פאר דעם צוועק האט די עקזעקוטיוו באארד גערופען די ספעציעלע פארזאמלונג פון די מיטגלידער.

אין דאך די האנדלונג, דוכט זיך, א געוואונשענע און אין גייסט פון טרייד יוניאניזם און אזוי האבען עס טאקע אויפגענומען די גרויסע מאסע פון אונזערע מיטגלידער וועלכע זיינען געקומען צום מיטינג, האבען גוטגעהייסען די האנדלונג פון דער עקזעקוטיוו באארד און ערוויילט ברודער ראובן צוקערמאן, דעם פריערדיגען טשערמאן פון לאקאל און פאפולערען יוניאן טוער, צום טשערמאן־אמט מיט א גרויסער מאיאריטעט.

האט זיך אבער ארויסגעצייגט, אז עס זיינען נאך פאראן געוויסע עלעמענטען אין אונזער יוניאן פאר וועמען די יוניאן איז בלויז א פלאץ דורכצופירען זייער „ליניע", וועלכע בייט זיך נאך דערצו אזוי אפט אז מען קען איר ממש ניט נאכלויפען... אט די עלעמענטען האבען זיך מיט מזל גענומען אויף דאס ניי צו זייערע אלטע שטיק פון אבסטרוקציעס, אויסלאכען און שטערען רעדנער און זיך ניט רעכענען מיט קיין זאך. אט די עלעמענטען האבען ביים מיטינג געפונען א שפאגעל נייע אישו. ערווילען א טשערמאן ביי א ספעציעל גערופענער פארזאמלונג איז פאר זיי ניט גענוג דעמאקראטיש. עס איז פאר זיי געווען דעמאקראטיש ווען זייער פירער איז ערוויילט געווארען צו א וויכטיגען באצאלטען אמט ביי א גענעראל מעמבער מיטינג, אבער א טשערמאן וואס איז ניט פון זייערע, טאר אויף אן אלגעמיינער פארזאמלונג ניט ערוויילט ווערען. דא מוז מען האבען צוויי הונדערט פראצענט דעמאקראטיע...

ביים מיטינג האט זיך אבער אויך ארויסגעוויזען דער שוואכער איינפלוס אויף די מיטגלידער פון די עלעמענטען. ניט נאר האבען זיי פארלארען, ווען דער מיטינג האט מיט א גרויסער מאיאריטעט ערוויילט ברודער צוקערמאן, נאר די צאל שטימען וואס איז אפגעגעבען געווארען געגען דער רעקאמענדאציע פון דער עקזעקוטיוו וואלט נאך געווען פיל קלענער ווען עס וואלטען מיט זיי ניט געשטימט א צאל גוט־מיינענדע איבערגעגעבענע יוניאן־לייט וועלכע זיינען געכאפט געווארען אויף דער ווענטקע דורך דעם געשריי — „דעמאקראטיע".

די אפשטימונג ביים מיטינג האט געוויזען, אז די ווייט גרעסטע מערהייט פון אונזערע מיטגלידער לאזט זיך מער ניט כאפען פון אויפגעבלאזענע אישוס. דער מיטינג האט דעמאנסטרירט, אז די איצטיגע אדמיניסטראציע האט דעם פולען צוטרוי און רעספעקט פון די מיטגלידער און אז פארזוכען אריינצוברענגען רייסערייען און כאאס אין אונזערע רייען וועט באגעגענען א געאיניגטען ווידערשטאנד פון אלע קאנסטרוקטיווע יוניאן עלעמענטען.

ביזנעס אגענט פון לאקאל 117, מיט א באנקעט, צו זיין ערהאלונג פון א לאנגער און ערנסטער קראנקהייט.

עטליכע הונדערט פריינט און פארערער זיינען אנוועזענד געווען. צווישען זיי: בענדזשאמין קאפלאן, מענעדזשער פון דער קלאוקס אפערייטארס יוניאן לאקאל 117; מאריס פיינבערג, מענעדזשער פון אינדאסטריעל קאונסיל דעפארטמענט פון דער דזשאינט באארד; מ. באגנא, מענעדזשער פון סעטעלמענט דעפארטמענט, און אנדערע וויכטיגע פירער פון דער יוניאן. אירווינג אסטראוסקי איז געווען טאוסט מייסטער.

דער עולם האט גוט פארבראכט מיט געזאנג און רעדעס. די רעדנער האבען אלע גערימט דעם עהרען גאסט היינס פאר זיין גוטער איבערגעגעבער טעטיגקייט אין דער יוניאן און אלס אקטיווער מיטגליד פון דעם קלאוקמאכער ברענטש פון דער װארקערס דעפענס ליג.

ביי דער געלעגענהייט זיינען אויך אינסטאלירט געווארען די ניי־ערוויילטע באאמטע און עקזעקוטיווע פון ברענטש. דזשאהן בייער, עקזעקוטיוו סעקרעטאר פון דער ליג אין ניו יארק, האט זיי אינסטאלירט. די ערוויילטע זיינען: ס. קאהען, ארגאנייזער; ריטער, טשערמאן; מ. דענמארק, טשערמאן פון דער עקזעקוטיווע; ס. בערלין, טרעזשורער; דזש. א. סטראונסקי, סעקרעטאר. און די פאלגענדע עקזעקוטיוו מיטגלידער: נעש, שערער, יאנג, גאלדבערג, היינס, סאקאף, טשעיקין, שאפירא, פיין, בירענבאום, י. גארדאן, ווייסמאן און געיסער.

## שאפ־טשערלייט פון ריפער שעפער עהרען ברודער איזידאר לאנדאו.

א טעסטימאניאל דינער, ארראנזשירט דורך שאפ טשערלייט און קאמיטעס פון ריפער שעפער, איז געגעבען געווארען אויסצודריקען אנערקענונג צו ברודער איזידאר לאנדאו, ביזנעס אגענט פון ריפער דעפארטמענט, אלס יוניאן פארשטייער וועלכער גיט זיין גאנצע ענערגיע צו פארטיידיגען די ארבייטער'ס אינטערעסען אין שאפ.

אין די רעדעס, וואס זיינען ביי דער געלעגענהייט געהאלטען געווארען, איז דאס זייער שטארק באטאנט געווארען, אפשאצענדיג די אקטיוויטעט פון ברודער לאנדאו, אלס יוניאן פארשטייער וועלכער גיט זיין גאנצע ענערגיע פון: ברודער דזשייקאב העלער, מענעדזשער פון ריפער דעפארטמענט, אונטער וועמעס אויפזיכט ברודער לאנדאו ארבייט; בענדזשאמין קאפלאן, מענעדזשער, און סעני גאלוב, אסיסטענט מענעדזשער פון לאקאל 117; דזשייקאב סניידער און לואיס ליפסקי, ביזנעס אגענטען פון ריפער דעפארטמענט, און סעני לובין און אל ריינהארדס, ארבייטער פון ריפער שעפער און טשערמאן און סעקרעטער פון דער ארראנדזשמענטס קאמיטע. ברודער דזשייקאב סניידער איז געווען דער טאסטמאסטער.

ברודער בענדזשאמין קאפלאן דריקט אויס הארציגע וואונשען פון ברודער מאריס באגנא צו איזידאר לאנדאו.

ביי דער געלעגענהייט זיינען אויך איבערגעגעבען געווארען מתנות צו ברודער לאנדאו פון ארבייטער פון שעפער און פון מייער לאנדאן, ריפער מאכער ברענטש, סאשעל דעמאקראטיק פעדעריישאן.

צום לעצטען ווערט פארגעשטעלט דער בעל שמחה, ברודער לאנדאו, וועלכער דריקט אויס זיין הארציגען דאנק צו יעדען איינעם פון דער ארראנדזשמענטס קאמיטע, ארבייטער פון שעפער און געסט, וועלכע זיינען געקומען דא אויסצודריקען זייער אנערקענונג.

די פייערונג איז דורכגעפירט געווארען אין דער אבוועזענהייט פון ברודער לאנדא'ס פרוי און זיין פאמיליע און אין זייער א ווארימער, היימישער סביבה פון פריינד. ריפערמאכער פון אמאל און ריפערמאכער פון היינט, מיט הארציגע געפילען צו א פריינד, וועלכער וועט לאנג ניט פארגעסען ווערען.

ארראנדזשמענטס קאמיטע: בעני לובין, טשערמאן; אל ריינהארדס, סעקרעטער; וואשינגטאן סטוירן, טרעזשורער; דזשייקאב סניידער, טאסט־מאסטער. לואיס לייבאוויטש, דזשאזעף זוקער, סעמיועל שווארץ, מאריס אלשולער, איזידאר לאסקי, היימאן שנעק, אברהם קאפלאן, מ. גולניק, דזש. פארמאן.

## קלאוקמאכער ברענטש פון װארקערס דעפענס ליג עהרט נייטהען היינס מיט א באנקעט.

דער קלאוקמאכער ברענטש פון דער װארקערס דעפענס ליג האט באעהרט ברודער נייטהען היינס,

# אויפן דרעסמאכער פראנט

פון
נ. ב. מינקאף

### א טרעוואגע אין דרעס טרייד!



(מ)יט א 2 וואכן צוריק האט אין דער ביליגער ליין דרעסעס אויסגעבראכן א שטורעם. פלוצלונג און אונערווארטעט האט די „פאפולאר ליין אסאָסיאיישאן", וועלכע באשטייט פון די דזשאבערס אין די ביליגע ליינס, אנאנסירט, אז צוליב אזעלכע און אזעלכע טעמים איז זי געצוואונגען צו ענדערן דעם סיסטעם פון סעטלען פרייזען וועלכע איז עסטאבלירט געווארן מיט עטליכע יאר צוריק. מען האט, משמעות, פארגעסן אז יעדער אפמאך האט 2 צדדים און א געשריבענער אפמאך, וועלכער גייט ערשט אויס אין א יאר ארום, קען אזוי מיר ניט דיר ניט אפגעווישט ווערן מיט א פאך פון האנט. די טרייד און אלגעמיינע פרעסע האט די נייעס אויפגעכאפט אין א גאנץ סענסאציאנעלן סטיל. די זאך האט אנגענומען אן ערנסטן כאראקטער.

ברודער דזשוליוס האכמאן, מענעדזשער פון דער דרעס דזשאינט באארד, האט פאררופן א ספעציעלע זיצונג פון דער דזשאינט באארד וואו די לאגע איז ברייט און אלזייטיג אנאליזירט געווארן. „די יוניאן לייקענט ניט" האט ברודער האכמאן צווישן אנדערעס געזאגט, „אז אונזער טרייד איז אין פנים אל פנים מיט א סך ערנסטע פראבלעמען. אבער די פראבלעמען קענען געלייזט ווערן דורך דער קאאפעראציע פון אלע פאראינטערעסירטע צדדים. זיי קענען ניט און וועלן ניט געלייזט ווערן דורך סטראשונקעס אדער דורך ברעכן קאנטראקטען. זיי קענען אויך ניט געלייזט ווערן אויף דעם רעכענונג פון די ארבייטער. די פראבלעמען פאדערן א געוויסע מאס שטאטמאנשאפט, וועלכע פעלט אונזערע בעלי בתים. אויב מיר זאלן ערלויבן אזא מין באציהונג, דאן וועלן איבער נאכט פארניכטעט ווערן אלע אונזערע פארבעסערונגען וועלכע מיר האבן אויסגעקעמפט אין משך פון 7 יאר פון פרידליכע פארהאנדלונגען". די דזשאינט באארד האט באשלאסן צו לאזן וויסן די בעלי בתים אז זיי שפילן זיך מיט פייער און דאס איז אן עסק פאר קינדער און ניט פאר ערוואקסענע און, לאמיר האפן, פאראנטווארטליכע מענשן.

וואס ווילן די דזשאבערס אין די ביליגע ליינס? זיי ווילן ניט קיין סך. זיי ווילן בלויז אפשאפן דעם נייעם סיסטעם פון סעטלען פרייזען. זיי ווילן ניט זיין פאראנטווארטליך פאר די פארדינסטן פון די ארבייטער אין די קאנטראקטינג-שעפער. דאס איז אלץ, וואס זיי ווילן. ניט מער און ניט ווייניגער. פרעגט זיך די פראגע, הלמאי ווילן זיי ניט מער אנהאלטן דעם איצטיגן סיסטעם פון סעטלען פרייזען? הלמאי ווילן זיי ניט מער זיין פאראנטווארטליך פאר די פארדינסטן פון די ארבייטער אין די קאנטראקטינג-שעפער? וועט דאס אפשאפן פון דעם נייעם סיסטעם פון סעטלען פרייזען אפשטעלן די דרעס פראדוקציע איסער דעם ניו יארקער מארקעט? וועט עס פארבעסערן די לאגע פון די ארבייטער, וועלכע פארדינען דורכשניטליך ווייניגער פון 1 טויזענט דאלאר א יאר? ניין! זיי חלש'ן זיך נאך דעם אלטן סיסטעם, וואו זיי האבן געצוואונגען איין ארבייטער צו קאנקורירן מיט אן אנדערן, איין שאפ מיט א צווייטן. אט דאס ווילן זיי צוריקברענגען אין דרעס טרייד. צוריקברענגען דעם אזוי גערופענעם אקשען-בלאק, דעם פושקארט-פעדלער סיסטעם, וועלכער האט פארוואנדעלט די ארבייטער אין אלטע-זאכן מעקלער און האט געבראכט פארניכטונג און פארוויסטונג אין גאנצן טרייד.

קיינער צווייפלט ניט — און ברודער האכמאן גיט עס אפן צו — אז די אנטוויקלונג, פריער פון דער קאטאן און שפעטער פון דער רעיאן דרעס, האט געשאפן נייע און ערנסטע פראבלעמען אין דער ביליגער דרעס ליין. קיינער לייקענט ניט אז מען קען און מען מאכט שוין גאנץ שיינע דרעסעס אויסער ניו יארק און אז עס ווערט אלץ שווערער און שווערער אנצוהאלטן ניו יארק אלס דעם הויפט צענטער פון דער דרעס פראדוקציע, ווי ער איז געווען מיט יארן צוריק. וועגן דעם דארף מען זיך אבער דורכריידן. מען דארף עס שטודירן. דאס איז וויכטיגער פון אלץ. מען דארף האבן אין זינען די אינטערעסן פון דעם טרייד אלס א גאנצן און ניט נאר די פאר פענים אין דער אייגענער קעשענע.

וויסט דאך קינד און קייט אז דאס איז די באציהונג פון דער יוניאן זייט די לעצטע 7 יאר. מיר האבן אנגענומען דעם שטאנדפונקט אז די דרעסמאכער דארפן מאכן א לעבן פון נייען דרעסעס און דעריבער זיינען מיר, אלס ארבייטער, פאראינטערעסירט אין דער אנטוויקלונג און פראגרעס פון דעם דרעס טרייד. וואס איז אבער געווען און איז עד היום, די באציהונג פון די דזשאבערס? בלעטערט אקארשט דורך די נומערן פון דער „גערעכטיגקייט" פאר די לעצטע פאר יאר, וועט איר זען אז קיין שווינדעל איז ניט געווען אונטער זייער ווירדע. מען האט בא'גנב'עט און באשווינדעלט דעם ארבייטער אויף טריט און שריט. איבער א מיליאן און א האלב דאלאר איז דורך אונזער יוניאן אויפגעמאנט געווארן, פון טאקע די זעלבע דזשאבערס, אין „בעק פעי" און „אנדער-פעימענט". זיי האבן געפעלשט ביכער, זיי זיינען אנטלאפן מיט זייערע פאבריקען אין אלערליי לעכער און מיר האבן זיי געמוזט שלעפן אין לעריכט. אלץ האבן זיי געטאן, די כיטרע קארפען-קעפ, פאר זיך, פאר זייערע קעשענעס, אבער ניט פארן טרייד. און איצט האבן זיי אין זינען אויסצונוצן די שלעכטע צייט און ארויפצווינגען אויף די ארבייטער די האלז שניידענדע קאנקורענץ פון וועלכער מיר האבן זיך באפרייט מיט פיר יאר צוריק. עס וועט זיי נישט געלינגען.

און ווי איראניש עס איז צו זען ווי די קאנטראקטארלאך וועלכע ארבייטן פאר די „טשיזלערס" אז זיי זאלן אויך צושטיין צו דעם שדים טאנץ. דאכט זיך, ווער ווער, די קאנטראקטארס האבן דאך געוויס גענאסן פון דעם נייעם סיסטעם פון סעטלען פרייזען. דארף איך זיי דערמאנען, אז אצינד באקומען זיי א באשטימטע סומע אלס „אווערהעד" און זיי קריגן א גלייכע פארטיילונג פון ארבייט? אז מען באהאנדעלט זיי ווי מענשן אנשטאט „שיפינג באיעס"? אונטער דעם אלטן סיסטעם האט דאך קיין לייטישער בעל מלאכה ניט געקענט און ניט געוואלט אריינגיין אין א קאנטראקטאר'ס שאפ. זיי פלעגן דאך קריגן דאס וואס פלעגט ארונטערפאלן פון דעם „אינסייד-שאפ טיש" און אפילו מיט דאס אראפגעפאלענע פלעגן זיך די דזשאבערס רייצן מיט זיי ווי א קאץ מיט א... אצינד זיינען זיי דאך מיט מענשן גלייך און דאס האבן זיי צו פארדאנקען אונזער יוניאן!

איך בין גענויגט צו גלויבן אז די ווארנונג וועלכען די „פאפיולאר אסאָסיאיישאן האט געקראגן פון דזשענעראל מענעדזשער האכמאן און פרעזידענט דובינסקי, וועט ווירקן אויף די פאר ניכטערע קעפ פון דער באשרענקטער צאל מענשן וואס די אסאָסיאיישאן פארמאגט נאך. די דרעסמאכער דשאינט באארד און די גאנצע אינטערנעשאנאל וועט ניט בלייבן שטיין מיט פארלייגטע הענט אין דעם איצטיגן קריזיס. די אינטערנעשאנאל פירט איצט אן א ווירקזאמען קאמפיין איבערן גאנצן לאנד און די דרעס דזשאינט באארד וועט מאביליזירן איר גאנצע מיטגלידערשאפט צו שטיין אויף דער וואך. צופיל האבן די דרעסמאכער געליטען; צופיל טרערן און בלוט פארגאסן אויסצוקעמפן דאס רעכט אויף דעם פארפינסטערטן שטיקעל ברויט וואס זיי האבן נאך. זיי וועלן ניט צוריקטרעטן. זיי קענען עס ניט טאן.

### מיר לאזן ניט פאלן אונזערע קראנקע מיטגלידער!

לעצטן זומער איז, דורך דער באמיהונג פון ברודער סאשא זימערמאן, געלונגען אונזער יוניאן צו פאראינטערעסירן די פעדעראלע רעגירונגס אגענטור „דאבעליו פי איי" און דעם סטאטיסטישן העלט דעפארטמענט אונטערצונעמען א ספעציעלן פרייען עקס-ריי לונגען אונטערזוכונג צווישן די ארבייטער פון דרעס טרייד. עס זיינען פאר דעם צוועק אנגעשטעלט געווארן דאקטוירים, טעכניקער, נירסעס, ווי אויך ספעציעלע עקס-ריי מאשינען און אנדערע מטלטלים, וועלכע האבן דער רעגירונג אנגעקאסט שווערע טויזענטער דאלאר. נאר האט עס אונז אויך אריינגעצויגען אין אן אויסגאבע פון א חיבשער מטבע.. מיר האבן געמוזט באזארגן די קאמיסיע מיט א פלאן וואו די אונטערזוכונג איז אנגעגאנגען.

אצינד איז אונז צוגעשטעלט געווארן א געטייער באריכט וואו עס ווערט אנגעגעבן די צאל מענשן וועלכע האבן זיך געלאזט אונטערזוכן און דער פראצענט דרעסמאכער, וועלכע זיינען אנגעגריפן פון דער שרעקליכער פאטאליסטישער קראנקהייט — טובערקולאז — לויט זייער געשלעכט, עלטער א. אז. וו. לויט דעם באריכט האבן זיך בלויז 8058 מיטגלידער פון די 4 דרעס לאקאלן (10, 22, 60, 89) געלאזט אונטערזוכן. די גאנצע מיטגלידערשאפט פון די לאקאלן באטרעפט קרוב צו 70 טויזענט. דאס מאכט אויס בלויז עטוואס מער פון 11 פראצענט פון דער דזשאינט באארד מיטגלידערשאפט איז אונטערזוכט געווארן. דאס איז ווירקליך צו באדויערן. אזא אונטערזוכונג ביי א פריוואטן דאקטאר קאסט 5 דאלאר, און ניט קוקענדיג אויף אלע אונזערע אנשטרענגונגען האבן זיך אפגערופן אזא קליינע צאל מענשן. אבער גיי שריי חי וקים. אזוי איז שוין מיט אונזערע דרעסמאכער. דארפן זיי באצאלן פאר עפעס, איז מען אומצופרידן. קריגן זיי עס אומזיסט, איז מען חושד, אז „עפעס" שטעקט אין דעם.

פון דעם באריכט דערוויסן מיר זיך אז פון די 8058 מיטגלידער, וועלכע זיינען אונטערזוכט געווארן, באלאנגען 5440 צו לאקאל 22 און די איבעריגע 2618 צו די אנדערע 3 לאקאלן. פון די 5440 לאקאל 22 מיטגלידער, זיינען 88 ערקלערט געווארן אלס אנגעגריפן פון טובערקולאז. פון די 38 זיינען 17 מענער און 21 פרויען; 23 פארהייראטע און 15 אומפארהייראט; 33 אידן און 5 פון אנדערע נאציאנאליטעטן; 27 אפערייטארס און 11 פינישערס, קלינערס א. אז. וו.; 13 אין עלטער פון 20 ביז 30 יאר, 5 אין עלטער פון 30 ביז 40 יאר, 14 אין עלטער פון 40 ביז 50 יאר און 6 אין עלטער פון 50 ביז 60 יאר.

22 פון די 39 זיינען ערקלערט געווארן אלס מילד-אנגעגריפענע און זיינען נאך א קורצער אפרו ערלויבט געווארן צוריקצוגיין צו דער ארבייט. זיי פארבלייבן אונטער דער השגחה פון אונזערע דאקטוירים און מוזן לאזן זיך אונטערזוכן אמוייניגסטן 1 מאל אין 3 מאנאטן. פון די איבעריגע 16 זיינען 13 געשיקט געווארן דורך אונזער יוניאן אויף אונזערע קאסטן צו פארשידענע סאניטאריומס, איינער געפינט זיך פארלויפיג אין א האספיטאל, איינער אין א פריוואטן פלאץ אין די בערג און נאך איינער איז אונטער א דאקטאר'ס אויפזיכט אין שטאט. מיט פרייד וויל איך דא באריכטן, אז 4 פון די 16 האבן, נאך עטליכע מאנאטן אפרו און מעדיצינישער באהאנדלונג, צוריקגעקערט זיך צו דער ארבייט.

די אונטערזוכונג האט פעסטגעשטעלט דעם גוואלדיג גרויסן אויפטו פון אונזער יוניאן אויף דעם געביט פון פארבעסערן די סאניטארישע באדינגונגען אונטער וועלכע אונזערע מיטגלידער ארבייטן און וועלכע האבן בייגעטראגן צו דער פארקלענערונג פון דער צאל קאנסאמפשאן קרבנות אין אונזער טרייד. אין יאר 1913 האט דאקטאר שערעשעווסקי, פון דער „יונייטעד סטייטס פאבליק העלט סורוויס" אונטערזוכט 2038 מיטגלידער פון די ניו יארקער קלאוק לאקאלן און האט געפונען אז איבער 3 פראצענט פון אלע באשעפטיגטע מענער און 1 פראצענט פרויען אין קלאוק טרייד זיינען אנגעגריפן פון טובערקולאז. לויט דער איצטיגער אונטערזוכונג — מיט 26 יאר שפעטער — איז דער פראצענט טובערקולאזע צווישן די קלאוקמאכער רעדוצירט געווארן צו 1 פראצענט און צווישן די דרעסמאכער זיבעצענטעל פון 1 פראצענט. אין אנדערע ווערטער, אין דער צייט וואס מיר האבן מיט 26 יאר צוריק געהאט העכער 30 טובערקולאז-קראנקע צווישן יעדען טויזענט ארבעטער, האבן מיר אצינד 10 קראנקע צווישן די קלאוקמאכער און 7 צווישן די דרעסמאכער. עס פארשטייט זיך, אז גרויס פארשריט איז געמאכט געווארן אויף דעם געביט פון פארבעסערן דעם געזונט-צושטאנד פון די ארבייטער אין אלע אינדוסטריען. די סאניטארישע באדינגונגען זיינען בעסער. שטונדן זיינען קירצער און דער לוין איז העכער, אבער ניט צו דעם גראד צו וועלכן מיר האבן עס דערגרייכט אין אונזער אינטערנעשאנאל. די זעלבע קאמיסיע, וועלכע האט געמאכט די אונטערזוכונג אין דרעס טרייד,

איך אונטערזוכט די ארבייטער פון פאר טרייד, וואו דער פראצענט טובערקולאזע איז 1 מיט א האלב פראצענט.

איך ווייס ניט וואס פאר א ווירקונג די אלע ציפערן וועלן מאכן אויף די לייענער פון דער „גערעכטיגקייט". די באציהונג פון דער דורכשניטליכען ארבייטער צו זיין געזונט־צושטאנד איז איינער פון גלייכגילטיגקייט און נאכלעסיגקייט. אמת, אין דעם איז פיל שולדיג די שלעכטע עקאנאמישע לאגע, אין וועלכער עס געפינען זיך די מערסטע פון אונזערע מיטגלידער. די זארג פאר דעם טעגליכן שטיקעל ברויט, פאר דירה־געלט און א בגד, מאכט פאר אוממעגליך צו טראכטען וועגען געזונט, וועגען קולטור און וועגען בילדונג. מיר קומט אבער אויס צו האבען צו טאן מיט די אלע קראנקע מענשען, וועלכע די יוניאן זוכט דורך פארשידענע אופנים צוריקצוברענגען צום געזונט און צו זייערע פאמיליעס. מיר זיינען באקאנט די פערזענליכע און פאמיליע־טראגעדיעס פון יעדען איינעם פון די אומגליקליכע מענשען. עס זיינען צווישען זיי דא אזעלכע, וועלכע זיינען פריער קראנק געווען. זיי האבען שוין געוואוסט אדער פארדעכטיגט אז „עפעס" איז מיט זיי ניט גלאט. עס זיינען אבער דא א צאל וועלכע האבען ניט געהאט דעם מינדסטע אהנונג אז זיי זיינען קראנק. איך דערמאן מיר אן דעם פאל מיט אן ארבייטער פון „וויינבערג און סיינא", 315 וועסט 36טע גאס. א פאמיליע־מאן אין עלטער פון 58 יאר. ווען איך האב אים געפרעגט ווי פילט ער אין געזונט, האט ער באלד געענטפערט „הלואי אויף אלע גוטע מענשען ניט ערגער". ער האט מיך פארזיכערט אז ער קען נאך מאכען א טאג ארבעט „מיט אלעמען צוגלייך". ווען איך האב אים ענדליך ערקלערט אז די דאקטוירים דענקען, אז ער נויטיגט זיך אין אביסעל רו, האט ער זיך פשוט אויסגעלאכט. „זיי ווייסען ניט פון זייערע הענט און פיס, זיי פארשטייען גאר ניט", האט ער מיך פארזיכערט. האב איך מיט אים אנגעפאנגען צו קנעלען. „צי זיי ווייסען, צי ניט", האב איך גע'טענה'ט, „אבער אפרוען זיך מעגט איר. עס וועט אייך ניט שאדען, חלילה. דער ברודער איז אביסעל ווייכער געווארען. „אבער געלט", האט ער ווייטער געפאדערט, „איך קען איצט ניט טראכטען וועגען פארלאזען דעם שאפ, עס גייט צום סעזאן, אזוי לאנג געווארט. מען מוז פארדינען א פאר דאלאר". עס איז זייער שווער צו זאגען א מענשען אז ער מוז פארלאזען דעם שאפ, ער מוז פארלאזען די שטאט. און טאמער איז נאך יענער אלץ איינגעשפארט, מוז מען אנווייזען אז דא האנדעלט זיך ניט נאר וועגען דעם באטרעפענדען אליין, זיין פאמיליע, זיינע מיטארבייטער אין שאפ מוזען גענומען ווערען אין אנבטראכט. דער ברודער פון באטרעפענדען שאפ איז אצינד אין א סאניטאריום און מיר האפען אז ער וועט אין גיכען געזונט ווערען און צוריקגיין אין שאפ און ווייטער ערנערען זיין פאמיליע.

נאך איינע פון די 16 ערנסטע קייסעס איז א יונג מיידעל פון 22 יאר וועלכע האט געארבייט אין דער „דושין האפמאן דרעס קא", 134 וועסט 37טע גאס. צו איר אין די נייעס, אז זי איז קראנק אויף טובערקולאז געווען א פולשטענדיגע איבערראשונג. זי האט מיך פארזיכערט אז זי איז אין איר לעבען ניט קראנק געווען און איז געגאנגען אין עקס־ריי קליניק בלויז „פאר פאן". איך בין זיכער אז זי האט מיר דערציילט דעם אמת. קוקענדיג אויף איר, וואלט קיינעם ניט איינגעפאלען, אז זי איז קראנק. זי איז יונג און שיין מיט א זיסען שמייכעל אויפן פנים. איצט איז זי אין א סאניטאריום. מיט א פאר מאנאטען שפעטער, האפען מיר — אז זי וועט זיין צוריק ביי דער ארבייט.

מיט אויף אזא אופן האבען די דרעסמאכער דורך זייער יוניאן באוויזען אז זיי קענען ניט נאר קעמפען אויף דער פיקעט ליין, בויען און אויפהאלטען א שטארקע יוניאן, נאר אז זיי קענען אויך א קאאפעראטיווען אופן באזארגען זייערע קראנקע שוועסטער און ברידער מיט פינאנציעלער הילף און מעדיצינישער און סאניטאריום באהאנדלונג. דאקטאר ר. עדווארדס, „דירעקטאר ביורא פון טובערקולאזיס" פון דער ניו יארקער העלט דעפארטמענט, האט אין א בריוו צו ברודער סאשא זימערמאן, מענעדזשער פון לאקאל 22, אויסגעדריקט באוואונדערונג איבער דער ארבייט וואס לאקאל 22 האט שוין אויף דעם געביט אויסגעפירט. „איך בין זייער שטארק צופרידען", שרייבט דר. עדווארדס צו ברודער זימערמאן, „מיט דעם באריכט וועלכען איר האט מיר צוגעשטעלט. ביז נאר האט איר אויסגעגעבן אויף אייערע קראנקע מיטגלידער א גרויסע סומע געלט, נאר די ארט און

ווייזע ווי איר האט גלייך געשטעלט די טובערקולאז־אנגעגריפענע ארבייטער אונטער אייער דאקטאר'ס אויפזיכט, איז ווירקליך צום באוואונדערען. דער פאקט וואס 4 מיטגלידער האבען זיך אומגעקערט צו דער ארבעט נאך 4 מאנאטען רו און באהאנדלונג, איז א געוואלדיג גרויסער אויפטו. דאס איז דער ערמוטיגסטער באריכט וואס איך האב ערהאלטען אין פילע יארען"...

## העלפט געפינען פלעצער פאר אונזערע ארבייטסלאזע

איך האב אין לעצטען נומער „גערעכטיגקייט" געשריבען וועגען אונזערע ארבייטסלאזע מיטגלידער און די געוואלדיגע אנשטרענגונגען וועלכע די ארגאניזאציע מאכט צו באזעצען זיי אין שעפער. איז צו מיר די טעג אריינגעקומען אונזער א מיטגליד, טאקע איינער פון די עלטערע, וועלכער באציט זיך צום שרייבער פון די שורות, ווי צו זיין אייגענעם ברודער. ער האט זיך אביסל באקלאגט אויף זיין געזונט, אויף די קלעגליכע פארדינסטען און אין אלגעמיין אויף דער שווערער צייט. וויסענדיג אז ער ארבייט אין א נישקה'דיגען שאפ, האב איך אים א פרעג געטאן, אפשר איז דא ביי אים א ליידיגע מאשין. „מיר האבען זייער א שווערען פראבלעם מיט אונזערע ארבייטסלאזע", האב איך אנגעפאנגען. „איך ווייס, איך ווייס", האט ער מיך באלד אונטערגעבראכען, „איך האב געלייענט אייער אויפרוף אין דער „גערעכטיגקייט". „אבער, דענקט איר ווירקליך אז אויף אזא אופן וועט איר לייזען די פראבלעם?" „ווישע דען", פרעג איך אים, „האט איר אפשר א בעסערען פלאן ווי אזוי אט די אלע מענשען וועמעס שעפער האבען זיך אויפגעגעבען אדער אזוי נעלם געווארען, וועלען קריגען פלעצער צו דער ארבעט?" מיין גוטער ברודער האט פראבירט זוכען אן ענטפער, אבער אן ערפאלג. צום סוף האט ער צוגעשטימט אז סיידען עס ערווארט אונזער טרייד א גרויסע פראספעריטי, איז דער איינציגער אויסוועג טיילען זיך מיט דעם ביסעל ארבייט וואס איז דא, צווישען די וועלכע האבען פלעצער און די וועלכע האבען ניט קיין פלעצער און זיינען ארבייטסלאז. עס איז געוויס פראקטישער און מענשליכער צו טיילען זיך מיט דער ארבייט דורך אויפנעמען די ארבייטסלאזע ווי דורך ארויפלייגען נייע צינזען אויף די וועלכע ארבייטען צום גונסטען די וועלכע האבען ניט קיין פלעצער צו דער ארבייט.

טאקע איצט, ווען עס ווערט אביסעל לעבעדיגער אין די שעפער, איז די פאסענדע צייט צו באזעצען די ליידיגע מאשינען. זאלען אונזערע טשערלייט און אקטיווע טוער א טראכט טאן וועגען דער פראגע. זי איז צו ערנסט פארשיבט צו ווערען, און טאמער געפינט זיך ביי אייך אין שאפ איינער אדער צוויי מענשען וועלכע דערלאזען ניט עס דורכצופירען, ראטען מיר אייך עס צו מעלדען צו בר. זימערמאן אדער ברודער מארגאליס. איך זאג עס אנטקעגען דעם וואס מיט א פאר טעג צוריק איז אונז באריכטעט געווארען אז גראדע אין א געוויסען שאפ, אין וועלכען עס ארבעט איינער פון די :נייע רעכאר" פון די ארבייטסלאזע, איינער וועלכער לאזט זיך וואוילגיין אויף די מיטינגען אויפן חשבון פון די ארבייטסלאזע, דארטען קען א ניי־ארויפגעקומענער אפערייטאר ניט ארבייטען מער ווי א טאג צייט, און וואס מער פארדריסליך, די ארבייטער נעמען צו די „טיקעטס" און באצאלען דעם וואנדערדיגען ארבייטסלאזען פארן טאג ארבייט און אזוי גייט עס צו פון טאג צו טאג. די קייס ווערט אצינד אונטערזוכט פון ביזנעס אגענט ראזענפעלד, און אויב די באהויפטונג וועט באשטעטיגט ווערען, וועלען די ארבייטער גערופען ווערען צו דער גריוועאנס קאמיטע.

## קארגע $50,000 פארטילט צווישען אונזערע ארבייטסלאזע

גלייכצייטיג וויל איך באריכטען אז אונזער ארבייטסלאזער פאנד האט ביז דעם 10טען פעברואר 1940 אויסגעצאלט $48,076 צו 3064 אפליקאנטען, וועלכע זיינען געווען ארבייטסלאז און האבען זיך גענויטיגט אין פינאנציעלער הילף. ווי באוואוסט, איז דער פאנד געשאפען געווארען אנפאנגס 1939 דורך א ביישטייערונג פון 10 פראצענט אויף די וועכענטליכע פארדינסטען פון די מיטגלידער פאר א משך פון 2 וואכען צייט.

עס איז איבעריג צו זאגען אז מען קען ניט אויסהאלטען די ארבייטסלאזע מיטגלידער דורך א פאר דאלאר וואס זיי קענען קריגען פון רעליף פאנד, אז דאס האט אבער געהאלפען א סך מענשען וועלכע האבען זיך

געפונען אין א געדריקטער לאגע, איז גאר קיין ספק ניט. דאס ווערט באשטעטיגט דורך הונדערטער בריוו, וועלכע עס זיינען אנגעקומען אין אונזער אפיס פון מיטגלידער, וועלכע זיינען געשטיצט געווארען מיט קלענערע אדער גרעסערע סומען געלט.

## אונזער אלעמענס יום טוב

שבת אווענט, מארטש דעם 30טען 1940, וועט דער פראגרעסיווער דרעסמאכער ברענטש 122 ארבייטער רינג פייערן זיין 5טען יובליי מיט א שיינעם באנקעט, אין סענטראל פלאזא האל, 111 2טע עוועניו.

דאס וועט זיין א יום טוב, ניט נאר ביי די עטליכע הונדערט מיטגלידער פון ארבייטער רינג, נאר אויך א יום טוב אין לאקאל 22. ערשטענס באשטייט די מיטגלידערשאפט פון ברענטש 122 פון די סאמע אקטיווסטע מיטגלידער פון לאקאל 22, אריינגערעכענט צווישען זיי ברודער סאשא זימערמאן, נייטען מארגאליס, מענדעל בלירשטיין און אנדערע חשוב'ע יחידים, וועלכע זיינען פאראינטערעסירט אין דער ארבעט און טעטיגקייט פון ברענטש. צווייטענס איז אונזער ארבייטער רינג ברענטש אקטיוו אין דער ארבייט פון דער יוניאן. דער ברענטש איז פאקטיש אן אקטיווער טייל פון אונזער ארגאניזאציע. די מיטגלידערשאפט פון ברענטש באשטייט אויסשליסליך פון לאקאל 22 מיטגלידער. דער קאנטאקט איז אלזא א נאענטער און א העכסט פריינטליכער.

די הויפט פירער פון אונזער יוניאן און פון ארבייטער רינג וועלען באגריסען די פארזאמלטע. אויב איר ווילט קריגען מער אויסקונפטען וועגען אונזער ארבייטער רינג ברענטש און וועגען באנקעט, ווענדט זיך צו אונזער סעקרעטאר, ברודער בען גאלדשטיין, אדער צום שרייבער פון די שורות.

## דרעסמאכער באטייליגען זיך אין די וואלען

ווען די שורות ווערען געשריבען, איז נאך דער רעזולטאט פון אונזערע לאקאלע וואלען ניט באשטימט געווארען. אבער אזוי ווי די קאנסטיטוציע זאגט, אז דאס מוז זיין ניט שפעטער ווי 2 וואכען נאך די נאמינירונגס, וועט עס מסתמא פאסירען אין מאנאט מערץ. דער „טאג", אלזא, דערנענטערט זיך.

דאס זעט מען אין די אפיסעס פון דער יוניאן, אין דרעס צענטער, אין די רעסטאראנען און וואו נאר דרעסמאכער קומען זיך צונויף. מען באמערקט עס אויך אין די אידישע צייטונגען, וואו „אומשולדיגע" בריוועלעך און ספעציעלע פראגראמען געפינען פלאץ. הייסט, די ספעציעלע און אומספעציעלע פארזאמלונגען, קאקוסעס, וועטשערינקעס און אפען פארומס! ווען צו דעם אלץ מען האלטען די דרעסמאכער געמאכט א נשקשה'דיגען לעבען און אויפן הארצען וואלט געווען עטוואס פריידליכער, וואלט מען געקענט אביסעל הנאה האבען פון דעם ענין.

איז אבער די צרה וואס די אינדוסטריעלע לאגע אין טרייד איז ווייט פון צו זיין צופרידענשטעלענד און די קאמפיין־אגיטאציע פון מאנכע יחידים און גרופען איז פון אן אומווירדיגען כאראקטער. צום באדויערען — און איך וויל האפען אז דאס ווערט געטאן אומבאוואוסטזיניג — נוצען מאנכע מענשען אויס די שלעכטע צייט לטובת זייערע פערזענליכע פאליטישע אמביציעס. מען הערט אפט, צום ביישפיל, אז מען ארבייט שוין אין ניו יארקער שעפער פאר 3 און 2 דאלאר א טאג. מען רעכענט זיך ניט מיט דער טראגעדיע פון די ארבייטסלאזע מיטגלידער און מען שפילט אויף זייערע געפילען, צוזאגענדיג זיי הרים וגבעות און וואַרפען די שולד אויף די און יענע פערזאנען אין דער אדמיניסטראציע. צווישען די קאמפיינערס זעט מען די זעלבע פנים'ער פון אמאל (כמעט אביסעלע פארעלטערט) און מען הערט די זעלבע אויסגעדראשענע ודרשות. א שאד וואס די נאר גרויסע ברייטע מיטגלידערשאפט לאזט פון זיך ניט הערען ווי עס באדארף צו זיין.

איך צווייפעל באמת אויב עס איז נאך דא אין יוניאן וועלכע האט זיך אזוי פיל כאפיט און אנגעשטרענגט צוצוציען אירע מיטגלידער נענטער צו דער ארגאניזאציע און צום ארגאניזאציאנעלן אפאראט, ווי דאס האט געטאן לאקאל 22. איך האב געזען פון בילדונג אין לאקאל 22 געווען דער ע'שטטע' לאקאל אנצונעמען אן אקטיווע וועלכע האט אריינגעצויגן טויזנטער מיטגלידער. כל'ערליי קלאסען זיינען געגרינדעט געווארען. די פראגראם איז געווען אזוי עלאסטיש אז עס האט ניט אויסגעלאזען קיין איין חיבטיגען ענין. די קולטור טעטיגקייט האט זיך אזוי אויסגעברייטערט אז

# שוועריגקייטען פאר א יוניאן ארגאנייזער אוט אוו טאון

## פון אנא קולא.

ארגאנייזער איסטערן אוט־אוו־טאון דעפארטמענט.



וניאן מיטגלידער האבען אין דורכשניט א גאנץ שוואכן באגריף וועגען דער ארבייט, שוועריגקייטען און שטרויכלונגען, מיט וועלכע א יוניאן ארגאנייזער אין די קליינע שטעטלאך קומט אויס זיך צו ראנגלען און ביי־קומען אין זיין טעגליכער ארבייט. דער ניו יארקער מיטגליד פון דער יוניאן ערווארטעט, מיט רעכט, אז די שעפער אוט אוו טאון אין דעם טרייד אין וועלכען ער ארבייט, זאלען ארגאניזירט ווערען אזוי שנעל ווי זיי עפענען זיך; ער ערווארטעט אז זיי זאלען קריגען די זעלבע ארבייטס-באדינגונגען וואס ער קריגט אין שטאט אום זיי זאלען ניט קאנקורירען אזוי שארף מיט אים פארן באנדעל. דאס זיינען זיכער בארעכטיגטע פארלאנגען. וואס דער ניו יארקער ארבייטער ווייסט אבער ניט, איז די באדינגונגען אונטער וועלכע עס קומט אויס דעם יוניאן ארגאנייזער צו ארבייטען און די אומגעהויערע שוועריגקייטען, אינדוסטריעלע, פסיכאלאגישע און עקאנאמישע, עס קומט אים אויס צו באקעמפען און בייקומען אידער עס געלינגט אים צוצוקומען צו די ארבייטער און מאכען זיי פאר יוניאן לייט. צו באקענען אנזערע מיטגלידער עפעס מיט אט די שוועריגקייטען פארעפענטליכען מיר דא א בריף פון שוועסטער אנא קולא, ארגאנייזער פון אוט אוו טאון דעפארטמענט אין ניובורג, ניו יארק. זי שרייבט:

„ארויסקוקענדיג דורכן פענסטער פון אונזער יוניאן אפיס אין 111 ליבערטי סטריט, זע איך פאר זיך דעם היסטארישען שטאלץ פון דער שטאט ניובורג, די היים פון דזשארדזש וואשינגטאן, וואו פילע מענשען קומען נאך היינט שעפען באגייסטערונג. די הויז שטייט אין מיטען פון א פארק וואו עס זעט זיך דער שיינער האדסאן טייך. אין דעם פלאץ האט וואשינגטאן פאנאנדערגעלאזט די קאנטינענטאלע ארמיי נאך דעם לאנגען, ערפאלגרייכען פרייהייטס קריג.

„היינט הערשט דא אבער אן אנדער סארט טיראניי — די טיראניי פון סוועט-שאפ. הארט נעבען פארק סטרעמט זיך די ווייטהאל בילדינג וואו עס געפינען זיך די ניט־יוניאן שעפער, די וואלדען אנדערוועאר קאמפאני; די קענוואוד קאוט קאמפאני; די באבינעט לעיס קאמפאני און די ניובורג פעיפער באקס קאמפאני. אין דער געבידע געפינט זיך בלויז איין יוניאן שאפ — א פאקעטבוק שאפ.

„אויף דער אנדער זייט גאס, געגענאיבער דער געביידע, איז די ליידיגע פאבריק פון מענער קליידער, לעימאן, בערקאוויץ און סקאט, וועלכע האט זיך פארמאכט מיט צען מאנאטען צוריק. דער שאפ איז געווען א שטיקעל צייט א יוניאן שאפ און האט באשעפטיגט א טויזענט ארבייטער. מיט עטליכע וואכען צוריק האט אין א טייל פון דער געבידע אריינגעצויגען זיך די „טשעסנין און לעיס אנדערוועאר קאמפאני” וועלכע מיר זוכען איצט צו ארגאניזירען. דא געפינט זיך אויך דער דרעס דעפארטמענט פון דער זעלביגער פירמע. אין דער נעקסטער געביידע איז נאך אן אפען שאפ, די ראמאנא דרעס און איין ארגאניזירטער פאקעטבוק שאפ.

„מיט עטליכע בלאק ווייטער איז אן אנדער סוועט-שאפ זומפ. אין 120 וואטער סטריט האלטען שעפער אין איין קומען און גיין. יעדע עטליכע מאנאטען בייטען זיך דארט די נעמען אויף די טירען. פריער איז דארט געווען די סאיי דרעס קאמפאני. זי איז איבערגענומען געווארען פון דער פירמע טשעסנין און לעיס. דאן איז דארט געקומען די רעיס דרעס קאמפאני וועלכע איז אין גיכען אויך פארשלונגען געווארען פון דער זעלבער פירמע. איצט האלט דארט ביים אריינמופען א נייער דרעס שאפ. דעם נאמען פון דעם לעצטען יורש ווייסען מיר נאך ניט. אין דער נעקסטער געבידע, ביים ראג פון דער זייטען גאס איז די טאבאק קאוט קאמפאני — אן אפען שאפ.

„צווישען די סוועט-שאפ זומפען געפינט זיך דא און דארט אן אינזעל פון א פאר גוטע יוניאן שעפער, ווי די קאיזער בלאוז קאמפאני און די ארענדזש קאוט קאמפאני, וועלכע זיינען ארגאניזירט געווארען אין דער צייט פון דער נ. ר. א. עטוואס אפגערוקט פון דער הויפט־גאס איז די גרויסע קלאוק פאבריק, טהעאדאר פונק אינקארפארייטעד, וועלכע איז א יוניאן שאפ זינט דער נ. ר. א. באלד דערנעבען אין א ריזיג גרויסער געבידע איז די אווערהאל פאבריק פון דער סוויט אהר וואס ווערט קאנטראלירט פון דער יונייטעד גארמענט ווארקערס יוניאן און אין דער הויך אויף די בערגלאך זיינען די צוויי שעפער וואס מיר האבען ארגאניזירט אין דעם לעצטען ארגאניזאציאנס קאמפיין — די „בי ענד על דרעס” און די „סי. ענד עס. דרעס”.

„ווי א ראם צו דעם אינזעל פון ארגאניזירטער ארבייטער זיינען פון איין זייט די „דזשעי אן פעקטארי”, וועלכע איז דער ערגסטער סוועט־שאפ אין שטאט; ביים זייט איז די „הארמאני בעג קאמפאני”, וועלכע האט באזיגט די פאקעטבוק מאכער יוניאן מיט א פאר יאר צוריק נאך א ביטערען סטרייק און כמעט אויסען שטאט זיינען די צוויי גרויסע פאבריקען די דיופאנט פאבריקאיד, וועלכע האט א קאמפאני יוניאן, און די ס. ס. סטרוק קאמפאני אן אפען שאפ.

„איך האב אייך דא געגעבען אין קורצע שטריכען א שטיקעל בילד פון די פאבריקען וואו די ארבייטער דארפען שקלאפען און מאכען א לעבען, כדי איר זאלט האבען א שטיקעל באגריף פון די שוועריגקייטען און פראבלעמען מיט וועלכע מיר ראנגלען זיך אין אונזער פארזוך צו באקעמפען די סוועט-שאפ מגפה און ארגאניזירען די ארבייטער. אונזער ערשטע אויפגאבע ווען מיר האבען דא געעפענט דעם אפיס סוף דעצעמבער 1938 איז געווען צו געווינען דעם צוטרויען פון די ארבייטער צו דער יוניאן און איבערגעווינען די עפענטליכע מיינונג וועלכע איז דא געווען זייער פיינטליך צו יוניאנס אין אלגעמיין. די שכירות פון די ארבייטער אין די ניט־יוניאן פרויען קליידער שעפער איז דא געווען שרעקליך נידעריג. אין קיין שאפ האבען די ארבייטער ניט געקראגען דעם געזעצליכען מינימום ווידזש פון 25 סענט א שטונדע. מיר האבען גלייך אריינגעבראכט קלאגען געגען די באסעס פאר פארלעצען דעם שטונדען שכירות געזעץ און מיר האבען אזוי ארום געבראכט אן אלגעמיינע העכערונג אין די שכירות פון די ארבייטער.

„פונקט דעמאלט אבער ווען אונזער ארבייט איז אריין אין פולען שוואונג, האט די סי. אי. א. דא פארלארען אין דער אפשטימונג אין דער פירסט קארפעט קאמפאני. די פאבריק האט געהאט אן אגרימענט מיט דער טעקסטיל יוניאן איין יאר צייט און ווען דער אגרימענט איז אויסגעגאנגען האט די פירמע געפאדערט אן אפשטימונג פון די ארבייטער צו זען אויב די יוניאן האט א מאיאריטעט. די יוניאן האט פארלארען און דורך דער אגיטאציע פאר דער אפשטימונג האט זיך געשאפען אזא פארגיפטעטע אטמאספערע, אזא שנאה צו יוניאנס, וואס איך האב קיין מאל אין מיין לעבען אזוינס ניט געזען. די שנאה ביין המון איז געווען אזוי צעבושעוועט, אז מיר האבען מורא געהאט מען זאל ניט לינטשען דעם טעקסטיל ארגאנייזער. ווי אזוי אזא שטימונג אין א קליין שטעטעל ווירקט אויף דער ארגאניזאציאנס ארבייט פון אן אנדער יוניאן קען מען זיך פארשטעלען.

„א שטיקעל צייט שפעטער האט זיך געשלאסען די גרעסטע פאבריק אין שטאט, די מענער קליידער פאבריק פון לעימאן, בערקאוויץ און סקאט, וועלכע איך האב שוין פריער דערמאנט. דאס האט פאראורזאכט אן ערנסטע פראבלעם אין שטאט, ווייל דאס האט ארויסגעווארפען אין גאס א טויזענט קוואליפיצירטע, ערפארענע נאדעל טרייד ארבייטער. אין שטאט איז פארשפרייט געווארען דער איינדרוק אז די יוניאן האט ארויסגעטריבען די פירמע פון ביזנעס. אלע אונזערע אנשטרענגונגען צו באווייזען אז דאס איז ניט אמת, איז אונז ניט געלונגען. פארשטייט זיך, אז דאס האט ניט פארשטארקט די ליבע צו יוניאנס אין שטאט.

„טראץ די אלע שוועריגקייטען, גלויב איך, אז מיר האבען דורך דעם יאר געמאכט דא וויכטיגען פארשריט. אלס די וויכטיגסטע דערגרייכונגען באטראכט איך דאס וואס מיר האבען ניט דערלאזט נייע סוועט־שעפער זיך דא איינווארצלען. א צאל פון אזוינע שעפער האבען זיך אריינגעצויגען, אבער זיי האבען זיך גלייך אנגעשטויסען אויף אונזער יוניאן און האבען פארפאקט און ווייטער געפארען. עס איז אונז אויך געלונגען ביסלעכווייז אריבערצוגעווינען די ארבייטער און די עפענטליכע מיינונג. די צייטונגען וועלכע האבען אונז אין אנפאנג אויפגענומען מיט שנאה, זיינען דורך דער צייט געווארען פריינטליכער צו אונזער אינטערנעשאנאל. זייער שטעלונג צו יוניאנס אין אלגעמיין האט זיך ניט געביטען, אבער מיט אונזער אינטערנעשאנאל מאכען זיי אן אויסנאם.

„וואס אנבאלאנגט די אויסזיכטען דא אין שטאט פאר דער צוקונפט, הענגט עס אפ, נאך מיין מיינונג, אן אונזער ארבייט. די עקאנאמישע באדינגונגען דא אין שטאט זיינען אזוי אז די ארבייט מוז זיין א לאנגזאמע. די ארבייטער האבען מורא אפען זיך ארויסזאגען פאר דער יוניאן איבער דער ביטערער ערפארונג וואס זיי האבען געהאט מיט אנדערע יוניאנס, וועלכע זיינען געקומען, פרובירט ארגאניזירען א שאפ, און ווען עס איז ניט געלונגען, האבען זיי פארלאזט די שטאט. די ארבייטער האבען מורא אז מיר זאלען אויך ניט טאן דאס זעלבע און זיי וועלען פארבלייבען די קרבנות. איך גלויב דעריבער, אז כדי צו זיין ערפאלגרייך, מוזען מיר איבערצייגען די ארבייטער אז מיר זיינען דא א טייל פון דער קהילה און זיינען געקומען צו פארבלייבען; אז אונזער אבזיכט איז צו ברענגען נוצען דער געזעלשאפט דורך פארבעסערען די עקאנאמישע באדינגונגען פון די ארבייטער, דורך קריגען פאר זיי העכערע שכירות, פארזיכערען זיי מיטן דזשאב און אין אלגעמיין אויפהויבען זייערע לעבענס סטאנדארדס. דאס איז, לויט מיין מיינונג, דער איינציגער וועג ווי אזוי מיר קענען דא האבען ערפאלג און ארגאניזירען די ארבייטער פאר זייער נוצען און פאר דעם נוצען פון אלע ארבייטער אין אונזער אינדוסטריע.

„מיר זיינען איצט פארבונדען מיט דעם ארגאניזאציאנס קאמפיין צווישען די ארבייטער פון דער גרויסער פירמע טשעסנין און לעיס און מיר מאכען גוטען פארשריט. דאס איז אן אלט עטאבלירטער מארקעט פאר אונטערוועש. די פירמע אפערירט דא אין דעם געגענט פאר די לעצטע אכצען יאר. אונזער יוניאן האט געמאכט פילע פארזוכען צו ארגאניזירען זי אבער אן ערפאלג. מיר פירען איצט אן פארהאנדלונגען מיט דער פירמע”.

---

די ארבעטער פון סיימאן סאדאווסקי'ס שאפ, 144 וועסט 27טע גאס, באדאנקען דעם שאפ־טשערמאן סאלאמאן פריינד, פאר זיין גוטער און איבערגעבענער ארבעט פאר דעם וואוילזיין פון שאפ. און ביי דער אויסערגעוויינליכער געלעגענהייט פון זיין גראדואירען פון לא־סקול פרעזענטירען מיר אים מיט 20 דאלאר אלס אויסדרוק פון דאנקבארקייט פאר זיין אפפערווילינקייט פאר די אינטערעסען פון שאפ.

די קאמיטע: ס. פלאצקי, א. יאסקאוויטש, ס. טעמפעל — לאקאל 22; נ. ווינשטיין — לאקאל 60; מיני האדא — לאקאל 89.

---

ס איז ממש ניט געווען קיין פלאץ וואו אנצוגיין מיט ער ארבייט. מיט דער צייט האט די אינטערנעשאנאל יבערגענומען א סך פון אט די טעטיגקייטען. נאך יינס צו טאג גיט אונזער לאקאל אויס גרויסע סומען עלט אויף פארשידענע קלאסען, לעקציעס און אונטערהאלטונגען.

לעצטענס האט אונזער בילדונגס דירעקטאר עטאבלירט א שבת פרימארגען ליטערארישע שטונדע. אנפאנגס האט ער בדעה געהאט אנצופירען עס אויף פארשידענע שפראכען. נאכהער האט ער באשלאסען אז אס זאל זיין א ריין אידישע שטונדע. בארימטע טאלאנטען, בארימטע פערזענליכקייטען אין דער אידישער ליטעראטור ערשיינען פאר א זייער באגרעניצטען עולם. רעגט זיך די פראגע, ווארום אזא אפאטיע? איך ווייס יט.

פונדעסטוועגען וויל איך האפען אז אונזערע חבריגע וועלען ארויסרופען א גאר גרויסען אינטערעס צווישען די ברייטע שיכטען פון אונזער אלגעמיינער מיטגלידערשאפט. עס איז א חוב מצד יעדען מיטגליד צו באטייליגען זיך אין די וואלען פון דער יוניאן און העלפען ארויסקליבען א פירערשאפט וועלכע וועט רעכטליך און מיט איבערגעבענהייט אנפירען די אר־ קים. געדענקט, שוועסטער און ברידער, אז קומענדען טער גייען אויס אונזערע קאנטראקטען מיט די בעלי בתים. עס איז מעגליך אז אונזער יוניאן זאל ווערען רמישט אין א ביטערען און פארלענגערטען קאמף. דער יבער איז לעבענס־וויכטיג אז אונזער יוניאן פארוואלטונג זאל זיך געפינען אין ראיעלע, ערפארענע און פארטרויענסווערטע הענט.

# אינטערנעשאנאל שיקט אולטימאטום צו מאנטרעאלער דרעס־מאנופעקטשורערס

פון בערנארד שעהן
גענעראל־ארגאניזער א. ל. ג. וו. י.



רידען אין דרעס טרייד איז איצט — ווען איך שרייב די דאזיגע שורות — ניט אזוי זיכער ווי געווען. דאס איז צוליב דעם ווייל די מאנופעקטשורערס שפילען צופיל פאליטיק מיט אונז און מיינען, אז דורך פאליטישע „סקימס" וועלען זיי זיך ארויסדרעהען פון אפהיטען וויכטיגע פונקטען אין דעם קאלעקטיווען אגרימענט.

איצט האט זיך אנטוויקעלט א דיספיוט מיט די מאנופעקטשורערס איבער אונזער פארלאנג צו קאנפערירען מיט זיי וועגען א העכערונג אין לוין פאר אלע ארבעטער אין דרעס־טרייד.

אין אונזער אגרימענט איז פאראן א פונקט, אז אויב די יוניאן וויל פארלאנגען א העכערונג אין לוין דארף זי שטעלען דעם פארלאנג 30 טעג פאר דעם 15טען יאנואר. אויב די בעלי־בתים ווילען ניט נאכגעבען און די זאך דארף איבערגעהן צו ארביטריישאן, מוז אן אומפארטייאישער טשערמאן באשטימט ווערען פאר דעם צוועק ניט שפעטער ווי דעם 15טען יאנואר. זיך שטיצענדיג אויף אט דעם פונקט, האבען מיר צו זיי געשיקט א בריוו אנפאנג דעצעמבער — נאך מיט צוויי וואכען פריער, פאר דער באשטימטער צייט־לימיט — אין וועלכען מיר האבען געשטעלט אונזער פארלאנג פאר א לוין־העכערונג.

אויף דעם בריוו האבען מיר געקראגען אן ענטפער ערשט דעם 12טען יאנואר, ווען עס איז שוין געווען צו שפעט צו נעמען די נויטיגע שריט אויף איבערגעבען די זאך צו ארביטריישאן. אגב, האבען זיי, אין זייער ענטפער, איגנאנצען איגנארירט דעם ענין פון באשטימען אן אומפארטייאישען טשערמאן. זיי האבען וועגען דעם גארניט דערמאנט. אין זייער בריוו באמיען זיי זיך צו פאררעדען די צייהן מיט א פלפול, אז זיי ווילען ניט געבען קיין רעיז.

מיר האבען באלד איינגעזעהן, אז זיי ווילען שפילען פאליטיק צו פארציען דעם דאזיגען ענין ביז וואנען — זיי דענקען — אז אפשר וועלען מיר זיך פארגעסען אן איהם.

אבער מיר זיינען אנטשלאסען ניט צו לאזען זיך פארדרעהען מיט אט די מאנעווערס. דאס איז ניט צום ערשטען מאל וואס די מאנופעקטשורערס גילד ענטזאגט צו איבערגעבען א סכסוך צום אומפארטייאישען טשערמאן און ברעכט דערמיט א וויכטיגען פונקט פון דעם אגרימענט. אזא פאל האט פאסירט אנפאנג פון פאריגען יאהר. דאס איז געווען אין פעברואר 1939, ווען מיר האבען מיט זיי געהאט א סכסוך איבער דער לעגאליזאציע פון דעם קאלעקטיווען אגרימענט. אין יענער צייט איז פארגעקומען א פארהער פאר דעם דאמאלסדיגען פרעמיער דופלעסי. עס איז געווען א קאנפערענץ פון אלע צדדים אין דרעס־טרייד ביי וועלכען אונזער צד האט פארגעבראכט דעם פארלאנג צו לעגאליזירען דעם קאלעקטיווען אגרימענט און א פארשטעהער פון דער „גילד" האט דאן איבערראשט די קאנפערענץ מיט דער דערקלערונג, אז די מאנופעקטשורערס — א טייל פון זיי, אלענפאלס — ווילען בעסער אן ארדינאנץ אידער דעם קאלעקטיווען אגרימענט. ווען מיר האבען זיי דאן גערופען צו פאראנטווארטליכקייט פאר דעם אומפארטייאישען טשערמאן וועגען פארלעצען דעם פונקט פון דעם אגרימענט וועגען לעגאליזאציע, האבען זיי אויך געשפילט אזא פאליטיק צו פארציען די זאך און ארויסצודרעהען זיך פון זייער פאראנטווארטליכקייט. אויך איצט ווילען זיי אנווענדען אט די מעטאדען. אנשטאט צו ענטפערען דירעקט אויף אונזער פארלאנג זוכען זיי אויסריידען כדי צו פארלענגערען די אונטערהאנדלונגען. זיי גיבען אונז אן אויסרייד, אז זיי קאנען ניט נאכגעבען אונזער פארלאנג פאר א לוין־העכערונג ווייל צופיל ניט־ארגאניזירטע ארבעטער זיינען פאראן אין טרייד.

די באארד אוו דירעקטארס פון דער דרעסמאכער יוניאן האט ביי איר מיטינג, דעם 16טען יאנואר, אנגענומען א באשלוס, אז די פארהאנדלונגען טארען זיך ניט פארציען; אז א בריוו זאל געשיקט ווערען צו דער דרעס־מאנופעקטשורערס גילד, אז די יוניאן פארלאנגט אז די פראגע פון א לוין־העכערונג זאל איבערגעגעבען ווערען צו ארביטריישאן, לויט א פונקט פון אגרימענט, און אז די יוניאן ערווארטעט א צופרידענשטעלענדען ענטפער אין דריי טעג.

פרייטאג אוונט, דעם 16טען פעברואר, האבען מיר אפגעהאלטען א מאס־מיטינג פון אלע דרעסמאכער און זיי באריכטעט וועגען דער שטעלונג פון די דרעס־מאנופעקטשורערס וועלכע האבען זיך אנטזאגט צו איבערגעבען צו ארביטריישאן אונזער פארלאנג פאר אן אלגעמיינער לויך־העכערונג, וואס זיי האבען באדארפט טאן לויט דעם פונקט 30 פון קאלעקטיווען אגרימענט.

דער גרויסער אודיטאריום האל איז געווען געפאקט מיט די דרעסמאכער וועלכע האבען אויף אן ענטוזיאסטישען אופן דעמאנסטרירט זייער אנטשלאסענהייט אז די יוניאן זאל צווינגען די בעלי בתים נאכצוקומען דעם אגרימענט. אויב זיי וועלען ניט נאכגעבען מיט גוטען זיינען די דרעסמאכער גרייט און אנטשלאסען אפילו, אויב נויטיג, ארויסצוגיין אין א גענעראל־סטרייק.

די רעדנער ביים מאס־מיטינג זיינען געווען: ברודער ראול טרעפאניע, טשערמאן פון מאנטרעאל טריידס און לייבאר קאונסיל, ברודער קלאוד זשאדווע, אונזער ארגאנייזער, און מיין ווייניגקייט.

איך האב אין מיין באריכט צו די מיטגלידער געגעבען אן איבערזיכט איבער דער אומגינסטיגער לאגע אין דרעס־טרייד און אנגעוויזען ווי אזוי די מאנופעקטשורערס רואינירען אליין די באדינגונגען אין זייער אינדוסטריע דערמיט וואס זיי שטערען איינצושטעלען סטאבילע באציהונגען מיט דער יוניאן. ווען אונזער יוניאן איז אריינגעקומען אין דער אינדוסטריע מיט דריי יאר צוריק, האב איך אנגעוויזען, האט זיך די לאגע באדייטענד פארבעסערט. נאכהער, ווען מיר האבען געשלאסען מיט זיי דעם אגרימענט אין 1938 און געוואלט דעם דאזיגען אגרימענט לעגאליזירען — וואס דאס וואלט אריינגעבראכט סטאביליזאציע אויך אין די ניט־יוניאן שעפער פון פראווינץ, און עס וואלט באזייטיגט שעדליכע קאנקורענץ אין טרייד, — זיינען געווען די מאנופעקטשורערס אליין וועלכע האבען מאנעווורירט אזוי, אז די לעגאליזאציע זאל אפגעשטופט ווערען. איצט מאכען זיי ווידער שוועריגקייטען און ווילען ניט באגרייפען, אז דאס וועט שעדיגען דעם טרייד בכלל.

עס איז געווען אינטערעסאנט, אז אין פארבינדונג מיט דעם איצטיגען סכסוך, האבען מיר געקראגען בריוו פון דעם פעדעראלען ארבייטס־מיניסטער, האנ. מעקלארטי, און פון דעם פראווינציעלען ארבייטס־מיניסטער, האנ. עדגאר ראשעט, אין וועלכע עס איז אויסגעדריקט געווארען די מיינונג, אז אונזער צד איז גערעכט. דער פעדעראלער מיניסטער אנערקענט, אז דער סכסוך דארף געשליכטעט ווערען דורך ארביטריישאן. ער ראט אונז צו בעטען די קאאפעראציע פון פראווינציעלען ארבייטס־מיניסטער וועגען דעם. דער פראווינציעלער ארבייטס־מיניסטער שרייבט אונז א לענגערען בריוו, אין וועלכען ער זאגט, אז אויב אפילו די מאנופעקטשורערס האבען טענות צו אונז, איז אויך ניט קיין גרונט צו ברעכען דעם פונקט 30 פון אגרימענט. נאר זיי מוזען קומען מיט די טענות צום אומפארטייאישען טשערמאן. מיר האבען די בריוו פארגעלייענט פאר די מיטגלידער ביים מאס־מיטינג און דאס האט אויף זיי געמאכט א שטארקען רושם.

עס האט אויך געמאכט א שטארקען רושם ביים מאס־מיטינג די רעדע פון ברודער טרעפאניע. ער האט פארזיכערט אונזערע מיטגלידער, אז די 60.000 ארגאניזירטע ארבייטער פון קוויבעקער פראווינץ שטייען איצט מיט אונז פונקט ווי זיי זיינען געשטאנען מיט אונז און געהאלפען אין דעם גרויסען קאמף מיט דריי יאר צוריק. איצט, האט ער אנגעוויזען, איז די לאגע בעסער דערמיט וואס ווערענד דאן איז די רעגירונג געווען פיינטליך צו אונז, איז איצט אן אנדער רעגירונג וועלכע באציט זיך סימפאטיש צו די פראבלעמען פון אונטערנעשאנאל יוניאנס.

און — ווי געזאגט: די מיטגלידער האבען ארויסגעוויזען ביים מאס־מיטינג גאנץ קלאר, אז זיי וועלען ניט דערלאזען דאס די בעלי בתים זאלען קענען פארלעצען דעם אגרימענט ווען זיי ווילען. מיר זיינען גרייט צו געבען זיי אזא ווידערשטאנד דאס זיי זאלען וויסען, אז מיר זיינען אנטשלאסען צו באשיצען אונזערע פאזיציעס, וועלכע מיר האבען אויסגעקעמפט.

דרעס־מאנופעקטשורערס קריגען דעם ריכטיגען ענטפער

אין די לעצטע עטליכע וואכען האט זיך שטארק געטומעלט אין גארמענט צענטער. עס זיינען געווען דרעס־מאנופעקטשורערס וועלכע האבען קענטיג געוואלט אויספראבירען אונזערע כוחות און אלס רעזולטאט האבען מיר געהאט איניגע סטרייקס און „סטאפעדזשעס" און דורך זיי געהאט א געלעגענהייט צו זען, אז זיי קענען ניט טאן מיט די דרעסמאכער אלץ וואס זיי ווילען. אלע סטרייקס האבען זיך געענדיגט מיט א זיג פאר דער יוניאן.

די סטרייק־פעריאדע האט זיך אנגעפאנגען נאך אין דעצעמבער. דעם 12טען דעצעמבער האבען מיר ארויסגערופען אונזערע מיטגלידער פון דעם נאדלער־ברידער שאפ. דער סטרייק האט געדויערט 5 וואכען און זיך געענדיגט מיט א זיג דעם 16טען יאנואר.

ארום סוף יאנואר האט אויסגעבראכען א סטרייק געגען דער פירמע „מא בעל דרעס". 100 מיטגלידער האבען געווארפען די ארבייט דערפאר, ווייל די פירמע האט זיך געוואלט ארויסדרייען פון יוניאן־באדינגונגען. מיר האבען געשטעלט צו דער פירמע א רייע פארלאנגען, איינשליסענדיג דעם פארלאנג, אז ארבייט צו קאנטראקטארס קען ארויסגעשיקט ווערען נאר דאן ווען אלע אונזערע מיטגלידער זיינען באשעפטיגט. דעם 8טען פעברואר איז דער סטרייק געסעטעלט געווארען ווען די פירמע האט נאכגעגעבען אלע אונזערע פאדערונגען.

מיר האבען אויך דורכגעפירט ערפאלגרייך א „סטאפעדזש" געגען דער פירמע רובין ברידער. עס האט געדויערט דריי טעג און די פירמע האט געסעטעלט מיט אונז אין דער פראגע פון איינשטעלען ארבייטס־פרייזען. מיר האבען דארט געקראגען העכערונגען צווישען 2½ און 7 סענט אויפ'ן גארמענט. א סטאפעדזש איז אויך גערופען געווארען געגען דער „ווין סיטי דרעס" און אויך אט די פירמע האט געמוזט סעטלען מיט אונז, זעענדיג, אז איר לוינט זיך ניט צו פירען א קאמף מיט אונזער יוניאן.

סכסוך מיט קלאוק־מאנופעקטשורערס ווי אנצואווענדען לוין־העכערונג, ווערט אויסגעגליכען

אין מיין באריכט פון פאריגען חודש איז שוין איבערגעגעבען געווארען, אז לויט אן ענטשיידונג פון אומפארטייאישען טשערמאן איז פון אנפאנג יאנואר אריין אין קראפט א 10 פראצענט לוין־העכערונג אין קלאוקס־טרייד. די העכערונג ווערט געגעבען אויף פאלגענדען באזיס: א 5 פראצענט רעדוקצירונג וואס האט געזאלט אריינגעהן אין קראפט פון יאנואר ווערט אפגעשאפט, און אנשטאט דעם זאל דער לוין געהעכערט ווערען אויף 5 פראצענט. צוזאמען איז עס א העכערונג אויף 10 פראצענט.

אבער באלד ביים געבען אט די 5 פראצענט העכערונג האט זיך אנטוויקעלט א סכסוך צווישען דער יוניאן און די מאנופעקטשורערס איבער דער פראגע ווי זאל דער „רעיז" געגעבען ווערען צו בעלי־מלאכות וועלכע ארבייטען פון שטיק, לויט פרייזען וועלכע ווערען געסעטעלט פון פרייז־קאמיטעס. די יוניאן האט פארגעשלאגען, אז דער „רעיז" זאל צוגעשטעלט ווערען צו דער געוועהנליכער סומע אויפ'ן פעי־ענוועלאפ. דאס איז וויפיל אן ארבייטער פארדינט, לויט די פריערדיגע פרייז־סטענדארדס, זאל ער קריגען א צוגאב צו 5 סענט אויפ'ן דאלאר. די מאנופעקטשורערס האבען פארלאנגט, אז מען זאל צורעכענען די 5 פראצענט אויף יעדער אפעראציע. אונז איז ניט געווען געפעלען אט דער סיסטעם, ווייל מיר נעמען אן, אז ווען מען צוראונדעט דעם „רעיז" אין פעני'ס, א סענט דא און א פעני דא, ווערט די לוין־העכערונג אזוי ווי צוראשוואומען. עס איז א כיטרער אופן ווי ארויסצודרעהען זיך פון א „רעיז".

און דער סכסוך איז ווידער אנגעקומען צו דעם אומפארטייאישען טשערמאן. פארמעל איז די ענטשיידונג ניט גינסטיג פאר אונז. דער אומפארטייאישער טשערמאן האט אנטשיידעט, אז די יוניאן קען ניט צווינגען די בעלי־בתים צו געבען דעם „רעיז" דווקא אויף דעם אופן ווי זי וויל. אבער דערפאר האט ער געפסק'ענט, אז דער „רעיז" מוז געגעבען ווערען פאר־

שטענדיג. דאָס איז, אַז אפילו אַ האַלבע פּעני טאָר ניט פעלן ביים איינטיילען די העכערונג לויט די באַזונדערע אָפּעראַציעס. אָט די אַנטשיידונג, הגם אין פּרינציפּ גינסטיג פאַר די בעלי־בתים, אָבער טעכניש איז עס פאַר זיי ניט אַזוי. עס נויטיגט זיך אַ גאַנצע בוכהאַלטעריע צו איינטיילען דעם „רעיז" אויף די באַזונדערע אָפּעראַציעס פון גאַרמענט. האָבען זיי באַשלאָסען, אַז איידער אַזאַ אַנטשיידונג איז שוין בעסער נאָכקומען אונזער פּלאַן, אַז אַ פינף פּראָצענט העכערונג זאָל צוגעשטעלט ווערען צו דער גאַנצער סומע, וואָס אַן אַרבעטער פאַרדינט אין דער וואָך, לויט די פריערדיגע אַרבייטס־פּרייזען. אַזוי קומט אויס, אַז מאָראַליש איז דער זיג פאַר די בעלי־בתים און פּראַקטיש האָבען געוואונען די אַרבייטער.

אינטענסיווער אָרגאַניזאַציאָנס קאַמפּיין אין קלאָוק־טרייד

ערב דעם איצטיגען סעזאָן אין קלאָוקס־טרייד האָבען מיר אָנגעפאַנגען אַן אינטענסיווען קאַמפּיין צו פאַרשטאַרקען אונזער יוניאָן און די אַרבייט געהט אַן זעהר גוט.

פאַר דער צייט וואָס דער דופּלעסי רעזשים האָט געהערשט אין קוויבעק האָבען מיר פאַרלוירען פּאָזיציעס. עס איז געווען אַ געזעץ, אַז אַ יוניאָן קאָן ניט צווינגען אַן אַרבייטער צו צאָהלען „דיוס" צו דער יוניאָן און עס זיינען געווען אַרבייטער וועלכע האָבען זיך באַנוצט מיט דעם געזעץ און טאַקע ניט געצאָהלט. אַ צאָהל בעל־מלאָכות האָבען זיך צוליב דעם, כדי צו זיין פּטור פון „דיוס", זיך אָפּגעפרעמדט פון אונז. כל זמן דופּלעסי האָט געהערשט אין קוויבעק האָבען מיר גאָרניט געקאָנט טאָן וועגען דעם. איצט איז די לאַגע אינגאַנצען אַנדערש.

איצט האָבען מיר אַ באַשלוס אַז קיין אַרבייטער קאָן ניט אָנפאַנגען אַרבייטען אין אַ שאַפּ אויב ער איז שולדיג צו דער יוניאָן „דיוס" מעהר ווי פאַר 16 וואָכען. געוועזען אָט די „סלעקערס" איצט קומען צו אונז גוטמאַכען זייער מיטגלידערשאַפט. קיינער קאָן זיך ניט אַרויסדרעהען.

לאָמיר אין פאַרבינדונג דערמיט דערצעהלען פאָלגענדען אינצידענט. עס איז זעהר כאַראַקטעריסטיש.

געווען ביי אונז אַמאָל אַ מיטגליד, אַן איטאַליענער וואָס איז געווען אַן אויסגעשפּראָכענער פאַשיסט. ער איז געווען אַ מיטגליד פון פאַשיסטישען קאָנסיל אין מאָנטרעאָל. מיר האָבען געהאַט מיט איהם גענוג צרות. איינמאָל איז דער בחור אַריינגעקומען אין אונזער אָפיס און זעהענדיג אַנטי־נאַצי פּאָסטערס איז ער געוואָרען ווי אויפגעקאָכט, דאָס ער האָט באַשלאָסען, אַז — נאָר! מעהר וועט ער צו דער יוניאָן ניט קומען און מעהר וועט ער קיין „דיוס" ניט צאָהלען.

און דער בחור האָט טאַקע ניט געצאָהלט קיין „דיוס" און אינדירעקט, אָדער דירעקט, האָט ער געווירקט, אַז אַנדערע בעל־מלאָכות אין זיין שאַפּ זאָלען אויך ניט צאָהלען קיין „דיוס". מיר האָבען זיי גאָרניט געקאָנט טאָן. דער בעל־הבית האָט — ווי מען קאָן זיך פאָרשטעלען — געהאַלטען מיט זיי, ניט מיט אונז. זיי האָבען זיך אַלע באַהאַלטען הינטער דופּלעסיס פּלייצעס. מיר האָבען געמוזט שווייגען.

אָבער — די צייט איז געקומען. מיר האָבען געלאָזט וויסען די מאַנופעקטשורערס פון דער אַסס'ן, אין דער אַנוועזענהייט פון דעם אומפּאַרטייאישען טשערמאַן, אַז מיר וועלען מעהר ניט טאָלערירען דאָס ניט־יוניאָן אַרבייטער זאָלען זיין באַשעפטיגט אין זייערע שעפּער — דאָס מיינט אַרבייטער וועלכע זיינען שולדיג מעהר ווי פאַר 16 וואָכען „דיוס" — און אַז אויב זיי וועלען ניט נאָכקומען אָט דעם פּונקט פון „קלאָוזד שאַפּ", וועלען מיר רופען „סטאָפּעדזשעס", און אַז דעם ערשטען „סטאָפּעדזש" האָבען מיר בדעה צו מאַכען געגען יענער פירמע וואו עס אַרבייט דער אויבענדערמאָנטער פאַשיסט.

דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער פאַשיסט אַליין איז געקומען אין דער יוניאָן און איינגעצאָהלט פאַר 39 וואָכען „דיוס". אָט דער ביישפּיל ווייזט די ווירקענדע רעזולטאַטען וואָס דער אָרגאַניזאַציאָנס־קאַמפּיין האָט געבראַכט.

אָט דער קאַמפּיין איז איצט פאַר אונז זעהר וויכטיג, ערשטענס ווייל — עס איז בכלל נויטיג צו האָבען אַ פעסטע יוניאָן מיט אַ שטאַרקען קאָנטראָל איבער די אַרבייטס־באַדינגונגען אין טרייד. צווייטענס, מיר מוזען פאַרשטאַרקען אונזער פּראָנט און שאַפען אַ טרעזשורי פון אַרום 10,000 דאָלאַר פאַר קומענדען פריהלינג ווען מיר וועלען אָנפאַנגען אונטערהאַנדלען מיט די מאַנופעקטשורערס וועגען אַ נייעם אַגרימענט. עס איז פאַר אונז קיין סוד ניט, אַז צווישען די בעלי־בתים זיינען

# אין יוניאָן העלטה סענטער

### פון פּאָולין מ. ניומאַן.



אַרגאַנגענעם יאָר, האָט די צאָל באַזוכער אין יוניאָן העלטה סענטער דערגרייכט הונדערט טויזענט. דאָס איז די גרעסטע צאָל מענשען וואָס האָבען זיך באַנוצט מיט די פאַרשידענע אָפּטיילונגען פון דער אינסטיטוציע אין איין יאָר, אין משך פון איר עקזיסטענץ. דאָס איז אַן אויסערגעוויינליכער רעקאָרד וואָס דאַרף אַרויסרופען צופרידענהייט אין דער אינטערנעשאָנעל און ביי אַלע אַנדערע מענשען וואָס העלפען דעם יוניאָן העלטה סענטער ערפילען זיין אויפגאַבע.

די רעצעפּטען אָפּטיילונג באַריכטעט, אַז דורך דעם פאַרגאַנגענעם יאָר האָט זי צוזאַמענגעשטעלט דרייסיג טויזענט רעצעפּטען. די פאַרגרעסערטע צאָל באַזוכער און רעצעפּטען באַווייזען דעם וואוקס און אַנטוויקלונג פון אונזער אינסטיטוציע. אין גיכען וועלען מיר האָבען אַ פולען באַריכט וועלכער וועט ווייזען, ניט נאָר די צאָל מענשען וואָס זיינען באַדינט געוואָרען אין סענטער, נאָר אויך די סאָרטען קראַנקהייטען פון וועלכע אונזערע מיטגלידער לידען; די צאָל פאַלען וואָס האָבען זיך גענויטיגט אין האָספּיטעלער און געוויסע פּראָבלעמען וואָס זיינען דערמיט פאַרבונדען און וועלכע זיינען נאָך אַלץ ניט געלייזט.

די אורזאַכען וואָס האָבען געבראַכט דערצו אַז מער מענשען זאָלען זיך באַנוצען מיטן יוניאָן העלטה סענטער זיינען, לויט אונזער מיינונג, די פאָלגענדע: ערשטענס, די פאַרבעסערטע באַדינונג. מיר האָבען איצט מער פּלאַץ, מער דאָקטוירים, אַ בעסערע אויסשטאַטונג. דאָס, גלויבען מיר, האָט איבערצייגט פילע מיטגלידער אונזערע, אַז דער יוניאָן העלטה סענטער פונקציאָנירט פאַר זיי און איז אימשטאַנד זיי צו באַזאָרגען מיט דער מעדיצינישער באַהאַנדלונג אין וועלכע זיי נויטיגען זיך. צווייטענס, גלויבען מיר, אַז עס האָט דערביי פיל געהאָלפען די געזונטהייט אויפקלערונג טעטיגקייט וואָס דער סענטער האָט אָנגעפירט זינט עס איז געגרינדעט געוואָרען. מיר האָבען אַלעמאָל באַטראַכט די געזונט אויפקלערונג פון דער גרעסטער וויכטיגקייט און מיר גלויבען נאָך איצט אין דעם. דורך לעקציעס, פאַרזאַמלונגען, ליטעראַטור און פּערזענליכער באַרירונג מיט די מיטגלידער, האָבען מיר פאַרשטאַרקט דעם באַגער צו באַשיצען זייער געזונט. בייגעטראָגען דערצו האָט אויך די אַלגעמיינע באַוועגונג אין לאַנד צו באַזאָרגען די באַפעלקערונג מיט געהעריגער מעדיצינישער אויפפּאַסונג פאַר מעסיגע פּרייזען. אָט די באַוועגונג האָט אַרויסגערופען אַ וואַקסענדען אינטערעס צווישען די אַרבייטער אין זייער געזונט־צושטאַנד און אַ פאַרלאַנג אויפצופּאַסען אויף זיך. דאָס איז ווי עס דאַרף זיין.

צולעצט וויל איך זאָגען, אַז כאָטש מיר, אין יוניאָן העלטה סענטער, זיינען זיכער צופרידען מיט דער פאַרגרעסערטער צאָל מיטגלידער וואָס באַנוצען זיך מיט'ן סענטער, פּלאַנעווען מיר אָבער צו זען אַז נעקסטען יאָר זאָל די צאָל מיטגלידער וואָס באַנוצען זיך מיטן העלטה סענטער נאָך מער פאַרגרעסערט ווערען. מיר שטרעבען צו באַדינען אַלע אונזערע מיטגלידער און זייערע פאַמיליעס, וועלכע נויטיגען זיך אין מעדיצינישער אויפפּאַסונג און באַהאַנדלונג מיט דער געהעריגער געדולד, פריינדשאַפט און סימפּאַטי. צו דערגרייכען דעם ציל נויטיגען מיר זיך אין דער מיטהילף פון אַלע פאַראינטערעסירטע מענשען.

לאָקאַל 89 גיט אונז צייט אויף דער ראַדיאָ

וויס־פּרעזידענט אַנטאָניני, מענעדזשער פון איטאַליענישען דרעסמאַכער לאָקאַל 89, האָט אונז פריינדליך פאַרגעשלאָגען צו באַנוצען זיך מיט אַ טייל פון דער צייט אויף זיין ראַדיאָ שטונדע יעדען שבת, אויף דער „דאַבליו אי. ווי די." מיר האָבען מיט דאַנק אָנגענומען דעם אָנבאָט און אַראַנזשירען מיט מאַנכע פון אונזערע דאָקטוירים צו רעדען איבער געוויסע פאַזען פון געזונט און מעדיצינישער אויפפּאַסונג. דר. לעאָ פּרייס, געהילפס־דירעקטאָר פון העלטה סענטער, איז געווען דער ערשטער אויף דער פּראָגראַם.

בילדער פון אונזער וואַרט־צימער

מיר ווילען דאָ איבערגעבען עטליכע בילדלאַך וואָס מיר באַגעגענען אין די קאָלוואַרען פון יוניאָן העלטה סענטער. מיר גלויבען אַז זיי זיינען ווערט אונזערע מיטגלידער זאָלען זיך מיט זיי באַקענען.

ברודער ג. איז קיין מאָל פריער ניט געווען אין סענטער. דאָס איז זיין ערשטער באַזוך. ער באַקלאָגט זיך אויף אַ פאַרקילונג וואָס „ער קען פון דעם ניט פּטור ווערען". אַן אונטערזוכונג און די נויטיגע פּראָבעס האָבען באַוויזען אַז ער ליידט אויף אַקטיווע טובערקולאָז. „איך האָב נאָר וואָס זיך אַריבערגעצויגען אין די בראָנקס — באַקלאָגט ער זיך — און איך האָב אַזאַ שיינע היים... וואָס וועט איצט ווערען פון דעם אַלעמען?"

ברודער ג. קומט אַריין מיטאָג־צייט זען דעם דאָקטאָר. האַלטענדיג זיך ביים האַרצען, באַקלאָגט ער זיך אויף „שטאַרקע ווייטאָגען אַט דאָ". דער דאָקטאָר האָט אים אונטערזוכט און געראָטען אים גלייך נעמען אין האָספּיטאַל. מיר האָבען געשיקט נאָך אַן אַמבולאַנס און אים איבערגעשיקט אין האָספּיטאַל. זעקס וואָכען נאָך מיטאָג האָט דער טויט אים באַפרייט פון אַלע זיינע צרות. אונזער האַרציגע סימפּאַטיע צו זיין פאַמיליע.

ברודער ז. פון לאָקאַל —— איז צו אונז געקומען נאָך אַן עצה (אַ שאָד וואָס ער איז פריער ניט געקומען). ער האָט אונז דערציילט די פאָלגענדע געשיכטע וואָס, מיר גלויבען, אַז עס פאַרדינט צו פאַרעפענטליכען. ווען זיינס אַ קינד איז געוואָרען צוויי יאָר אַלט, האָבען זיי באַמערקט אַז עס האָט שוועריגקייטען צו פּרובירען גיין און דער גאַנג איז געווען עפּעס ניט נאָרמאַל. ווי דער פאָטער דערציילט, האָבען זיי זיך באַראָטען מיט אַ דאָקטאָר אין דער נאָכבאַרשאַפט און ער האָט זיי געראָטען נעמען דאָס קינד צו אַ קיראָפּראַקטאָר. עס איז אונז שווער צו גלויבען אַז אַ ריכטיגער דאָקטאָר זאָל געבען אַזאַ עצה. איך וואָלט בעסער וועלען גלויבען אַז אַזאַ עצה איז געקומען פון אַ פריינדליכער אָבער ניט באַוואוסטזיניגער שכנה. דאָס האָט שוין אָבער איצט קיין שייכות ניט צום ענין. דער פאַקט איז אַז זיי האָבען די עצה געפאָלגט און איבער אַ יאָר צייט האָט אַ קיראָפּראַקטאָר געמאַטערט דאָס קינד מיט זיינע באַהאַנדלונגען. ווען דאָס האָט ניט געהאָלפען, איז דער פאָטער, אויפ'ן ראָט פון זיין לאָקאַל מענעדזשער, געקומען צו אונז נאָך אַן עצה.

מיר האָבען אים איבערגעשיקט צו אַ קינדער־ספּעציאַליסט אין דעם ניוראָלאָדזשיקאַל אינסטיטוט. דער באַריכט וואָס מיר האָבען ערהאַלטען האָט געוויזען, אַז דאָס קינד האָט וואַרשיינליך געליטען פון אַ באַשעדיגונג פון מאָרך ביים געבורט. דאָס קינד איז פאַרשריבען געוואָרען אין אונזער קליניק פאַר געבורט באַשעדיגונגען און ווערט איצט באַהאַנדעלט.

באַווייזען אָט די פאַלען עטוואָס פון וואָס מען קען עפּעס לערנען? מיר דענקען אַז יאָ.

פאַראַן אַזעלכע וועלכע זיינען אין אַ קעמפערישער שטימונג און מיר דאַרפען זיין גרייט צו האַנדלען מיט זיי.

קלאָוקמאַכער גרייטען זיך צו וואַהלען

אינערליכע אַקטיוויטעטען אין דער יוניאָן איז אויך לעבעדיג אין פאַרבינדונג מיט די קומענדע וואַהלען פאַר באָאַרד.

קומענדען חודש וועלען פאָרקומען נאָמינאַציעס פאַר אַלע סאָרטען באַאַמטע, מיטגלידער פון עקזעקוטיווס, ביזנעס־איידזשענטס און דעלעגאַטען צו דער קאָנווענשאַן. אונזערע מיטגלידער האָבען זיך שוין אָנגעהויבען פאַרנעהמען דערמיט און עס איז וועגען דעם גאַנץ לעבעדיג אין אונזער יוניאָן.

אין עמבראָידערי דעפּאַרטמענט

אין עמבראָידערי טרייד איז אין אַלגעמיין שטיל, אָבער — עפּעס קאָן איך יאָ באַריכטען, און גראָדע וועגען אַ שמחה'לע.

צוויי גוטע מיטגלידער פון דער עקזעקוטיווע, סערע טראַכטענבערג און לואיס פּאַינס, זיינען פאַרלאָבט געוואָרען. אַזוי ווי ביידע זיינען זייער באַליבט און געשעצט אין אונזער יוניאָן, איז עס געווען אַ שטיקעל יוניאָן־שמחה. דער לעצטער מיטינג פון דער עקזעקוטיווע האָט אויף אַ פאַסיגען אופן געפייערט אָט די געשעהעניש און עס איז געווען פרעהליך. מיר דריקען אויס אונזערע בעסטע וואונשען צו זיי און מיר האָפען, אַז עס ערוואַרטעט זיי אַ גליקליכע צוקונפט.

# וויניפעגער קלאוקמאכער קריגען העכערונג אין שכירות; דרעסמאכער ארגאניזירט



יניפעג, קאנאדע, די שטאט וואו די קלאוקמאכער האבען יארען לאנג זיך געפלאגט אלס ניט־ארגאניזירטע ארבעטער; וואו דאס ווארט „יוניאן" האט ניט געטארט ארויסגעבראכט ווערען אויף די ליפען, אויס מורא, אז מ'וועט דערפאר ארויסגעווארפען ווערען פון די שעפער (און אזעלכע פאלען זיינען ניט געווען קיין זעלטענהייט) — אט די דאזיקע שטאט האט איצט איינעם פון די פיינסטע יוניאן־לאקאלס — א דאנק דער אינטערנעשאנאל און פרעזידענט דובינסקי.

איך קען אן צווייפעל זאגען, אז די וויניפעגער קלאוקמאכער קענען באצייכענט ווערען אלס א מוסטער פון באוואוסטזיניגער, ארגאניזירטער ארבייטערשאפט, פאראייניגט אין א יוניאן מיט אויסערגעוויינליכער לאיאליטעט צו איר.

דער ספרינג סעזאן, היינטיגעס יאר, איז א בעסערער פון לעצטען יאר. אלע קלאוקמאכער זיינען באשעפטיגט ביים פאך. אורזאכען פאר דער „ביזי" אינ'ם טרייד זיינען פארען פארשיידענע: ערשטענס, איז די תבואה געראטעניש אין די פריירי פראווינצען געווען ניט קיין שלעכטע לעצטען הארבסט. דער פרייז אויף ווייץ איז היינטיגעס יאר אויך א בעסערער ווי לעצטען יאר, און דאס מיינט מער געלט אין צירקולאציע. דאס האט, נאטירליך, געהאלפען פארבעסערען די לאגע פון אלע אינדוסטריען — די קלאוק־אינדוסטריע אריינגערעכענט.

אין יוני, 1939, ווען דער אגרימענט מיט די באלעבאטים איז באנייט געווארען, האבען די קלאוקמאכער געקראגען א העכערונג פון 1 דאלאר א וואך.

לעצטען יאנואר האט די יוניאן אפגעהאלטען א קאנפערענץ מיט די באלעבאטים און ווידער געקראגען א העכערונג פון פינף פראצענט אויף די שכירות פון די קלאוקמאכער. צוליב די געהעכערטע פרייזען אויף לעבענס־מיטלען, וואס זיינען פאראורזאכט געווארען דורך דער מלחמה.

מען דארף האבען אין זינען, אז א העכערונג פון פינף פראצענט אויף וואך־ארבעט איז מער ווערט ווי צען פראצענט אויף שטיק־ארבייט. דער אונטערשייד איז גוט באוואוסט צו יעדען קלאוקמאכער. וואס עס איז באזונדערס וויכטיג איז דאס, וואס די קלאוקמאכער אין וויניפעג האבען אין פארלויף פון זעקס חדשים געקראגען צוויי מאל א העכערונג אין זייער לוין. אונזער יוניאן איז די איינציגע אין קאנאדע וואס האט געקראגען צוויי מאל העכערונגען אויף די שכירות פון אירע מיטגלידער אין די פארגאנגענע זעקס חדשים.

אין משך פון די פארגאנגענע פיר יאר, זינט עס איז דא געגרינדעט געווארען די אינטערנעשאנאל לאידיס גארמענט וואירקערס יוניאן, האבען די היגע קלאוקמאכער געקראגען געהעכערטע זייערע שכירות מיט דער סומע פון 7 דאלאר א וואך און פארקלענערט זייער ארבעטס־צייט מיט פיר שטונדען א וואך. דאס איז ניט קיין שלעכטע דערגרייכונג — אפילו פאר א גרעסערער שטאט ווי וויניפעג.

די באלעבאטים זיינען געקומען צו א פארשטענדעניש מיט דער יוניאן, אז די העכערונג וואס די קלאוקמאכער האבען געקראגען אין זייער לוין לעצטען יאנואר זאל זיין גילטיג ביז דעם 1טען יוני, 1940. אויב אבער ביז יענער צייט וועלען די לעבענס־מיטלען ווידער שטייגען אין פרייז, וועט די יוניאן פארלאנגען א העכערונג אינ'ם לוין, לויט דער פראפארציע פון די געשטיגענע פרייזען אויף לעבענס־מיטלען.

ניט ווייניגער וויכטיג איז די מאראלישע דערהויבונג פון אונזער לאקאל. דאס איז א געווינס וואס קען ניט געמאסטען ווערען אין דאלארס און סענטען. די וויניפעגער קלאוקמאכער פילען זיך זייער חשוב. די מאראל פון אונזערע מיטגלידער איז זייער געהויבען, און דער לאקאל איז נאטירליך אין גוטען צושטאנד פינאנציעל. די קלאוקמאכער צאלען זייער דיוס מיט א פרייד שמייכל אויף זייערע ליפען. יעדער איינער פון די באטראכט זיין צאלונג פון דיוס ווי אן אינוועסטמענט פאר זיין וואוילזיין. איך גלויב, אז אונזער חשוב'ער פרעזידענט, ד. דובינסקי, איז מיט דער זעלבער מיינונג, און אז ער האט זיך איבערצייגט אין אלע פעולות פון אונזער לאקאל, ווען ער האט באזוכט וויניפעג לעצטען זומער און ער האט ארויסגעהויבען א סך באגייסטערונג פון די אלע קלאוקמאכער און דרעסמאכער.

## פון ס. הערבסט

מענעדזשער.

אין אונזער לאקאל רודערט זיך איצט מיט די צוגרייטונגען צו די וואלן פאר מיטגלידער צו דער עקזעקוטיוו באארד. וואס באשטייט פון איין־און־צוואנציג: אכט אפרייטארס, פיר קאטערס, פיר פרעסערס און פינף פינישערס. ביי די זעלבע וואלן וועלן דארפן דערוויילט ווערן דריי דעלעגאטן צו דער קאנווענשאן פון אונזער אינטערנעשאנאל, וואס וועט פארקומען אין ניו יארק דעם 27סטען מאי. איך האב צוטרוי צו אונזער לאקאל, אז עס וועלען דערוויילט ווערען די פאסיגסטע מענשען צו דער עקזעקוטיוו־באארד, און אויך די פאסיגסטע דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן.

⁂

צום ערשטען מאל אין דער דרעס מאנופעקטשורינג געשיכטע אין וויניפעג האבען מיר דא — ענדלאך — א יוניאן! (לאקאל 237). אמת, ניט קיין גרויסע מיטגלידערשאפט, אבער באוואוסטזיניג, לאיאל און באדייטענדיג שטארק.

דורך דעם וואס מיר האבען לעצטענס געסעטעלט די דזשיי. סי. עס. קאמפאני, וואס באשעפטיגט נייטציג דרעסמאכער, וואס איז פאר צוואנציג יאר ניט געווען קיין יוניאן שאפ, האבען די ארבעטער געקראגען א העכערונג אין זייערע שכירות. אין די דרעס־שעפער ארבעט מען פון שטיק, אבער די דרעסמאכער קריגען באצאלט איינס מיט א פערטעל פאר „אווערטיים". דאס הייסט, אז ווען א דרעסמאכערין ארבעט 44 שטונדען א וואך און פארדינט $17.60, און זי ארבעט אכט שטונדען אווערטיים, קריגט זי באצאלט פאר די אכט שטונדען אויפ'ן באזיס וויפיל זי פארדינט א שטונדע ביי שטיק־ארבעט. פאר אייניגע לייענער פון דער „גערעכטיגקייט" וועט דאס קלינגען ווי א קנאפע דערגרייכונג, טא זאלען זיי האבען אין זינען אז דאס איז א ניי־געגרינדעטע יוניאן אין א שטאט וואו די דרעסמאכער זיינען קיינמאל ניט געווען ארגאניזירט. צייט און געדולד וועט דא אויך פארבעסערען די לאגע פון די דרעסמאכער, פונקט ווי עס האט פארבעסערט די לאגע פון די קלאוקמאכער. דערווייל איז מיט דער גרינדונג פון דער דרעסמאכער יוניאן דא די לאגע פון די דרעסמאכער שוין פארבעסערט געווארען און דאס איז דער ערשטער לאקאל אין קאנאדע וואס ארבעט פון שטיק און קריגט באצאלט איינס מיט א פערטעל פאר אווערטיים.

אויך אינ'ם דרעסמאכער לאקאל גרייט מען זיך צו וואלען פאר עקזעקוטיוו באארד און פאר דער דערוויילונג פון דעלעגאטען צו דער קאנווענשאן.

דער דרעסמאכער לאקאל באשטייט פון פארשיידענע נאציאנאליטעטען מיט בלויז איין פראצענט אידישע ארבעטער. די מיטגלידער פון דעם לאקאל זיינען זייער באגייסטערט פון דער יוניאן — זיי פילען דאס אין זייערע „פעי־ענוועלאפס" יעדע וואך, ווען זיי באקומען איצט פון דריי ביז פיר דאלאר מער.

⁂

אויפ'ן „עדיוקיישאנאל" געביט פירען אן אונזערע לאקאלס א טיכטיגע ארבעט. יעדען מאנאט גיבען מיר ארויס א בולעטין. לעקציעס אויפ'ן טרייד יוניאן געביט ווערען אפט געגעבען פון פראמינענטע מענשען אין שטאט. אויך הערען די מיטגלידער פון בײדע לאקאלס לעקציעס אין דראמאטישער קונסט. די ספארט אקטיוויטעטען אין אונזערע לאקאלס קענען פארגליכען ווערען מיט ענלאכע אקטיוויטעטען פון וועלכען עס איז אנדער יוניאן־לאקאל אין לאנד.

איך האב שוין איינמאל געשריבען וועגען דעם און איך באטאן נאך א מאל דעם פאקט, אז עלטערע יוניאנס, מיט גרעסערע מיטגלידערשאפטען קוקען ארויף צו דער אינטערנעשאנאל לײדיס גארמענט וואירקערס יוניאן, לאקאל 216, אין וויניפעג, ווי אויף א מוסטער פון צעמענטירטער אייניגקייט.

לאמיר אנהאלטען אונזער פרעסטיזש אלס פיינער יוניאן־לאקאל, און מיט פאראייניגטע כחות לאמיר פארזעצען צו בויען אונזער לאקאל וואס זאל באמת זיין א שטאלץ — ניט בלויז צווישען דער אלגעמיינער ארגאניזירטער ארבעטערשאפט אין וויניפעג, נאר אויך פאר אונזער גרויסער און פארצווייגטער אינטערנעשאנאל לײדיס גארמענט וואירקערס יוניאן.

# אנטשלאסענער קאמף נעגען פארקריפלען אנעמפלאימענט אינשורענס־געזעץ אנגעהויבען

פערציג ארגאניזאציעס וועלכע פארטרעטען הונדערטע טויזענטער ארבייטער, געשעפטסלייט און פראגרעסיווע מענשען בכלל, האבען אנגעהויבען א שארפען קאמף געגען דעם פארזוך פון געוויסע פאראינטערעסירטע גרופען, צו פארקריפלען דעם ארבייטסלאזען פארזיכערונגס געזעץ אין ניו יארק סטייט, דורך באפרייען געוויסע בעלי־בתים פון צאלען דעם אנעמפלאימענט טעקס.

דער אמענדמענט וואס איז פארגעשלאגען געווארען צום אינשורענס געזעץ לויטעט, אז עס זאל איינגעפירט ווערען דער אזוי גערופענער „מעריט סיסטעם" ביים צאלען די שטייערען פאר ארבייטסלאזע פארזיכערונג. אז די ארבייטסגעבער וואס גיבען זייערע ארבייטער מער באשעפטיגונג דורכן יאר, זאלען דעם טעקס נישט דארפען צאלען. אזא אמענדמענט ווען עס זאל ווערען געזעץ מוז פארקריפלען און מאכען אוממעגליך צו צאלען די ארבייטסלאזע זייער בענעפיטס, ווייל דער טעקס פון בלויז די ארבייטסגעבער וואס האבען ווייניג ארבייט דורכן יאר, וועט נישט קלעקען צו צאלען די ארבייטסלאזע זייערע בענעפיטס.

די פערציג ארגאניזאציעס אין וועלכע עס גייען אריין יוניאנס פון דער אמעריקאן פעדערעישאן אוו לעיבאר, סי. איי. או., אסאסיאיישאנס פון בעלי בתים און פארשיידענע אנדערע גרופירונגען וואס זיינען פאראינטערעסירט אין אינדוסטריעלע פראבלעמען האבען ארגאניזירט א קאונסיל אנצופירען דעם קאמף געגען דעם אמענדמענט צום געזעץ. אין קאונסיל זיינען פארטראטען די אינטערנעשאנאל לעידיס גארמענט וואירקערס יוניאן, די אמאלגאמייטעד, די שיך־ארבייטער יוניאן, די עלעקטרישענס יוניאן, די דרוקער יוניאן, די ליטאגראפערס, די וומענס טרייד יוניאן ליג, די סענטראל לעיבאר יוניאן, דער בילדינג טרייד קאונסיל און א גאנצע רייע אנדערע יוניאנס. דארט זיינען אויך אנגעשלאסען פילע אסאסיאיישאנס פון בעלי בתים און א צאל געזעלשאפטליכע ארגאניזאציעס.

דער קאונסיל האט ארויסגעשיקט א בריוו צו די קאמיטעס אן לעיבאר און אינדוסטרי פון דער אסעמבלי און סטעיט סענאט, פאדערענדיג א עפענטליכען פארהער איבער דעם אמענדמענט און א שארפע פאדערונג דורכצופאלען דעם פראיעקט פון איינפירען דעם מעריט סיסטעם וועלכער איז פארגעשלאגען געווארען פון וואדסווארט און יאנג. דער בריוו וועלכער איז געשיקט געווארען צו אלע מיטגלידער פון די קאמיטעס לייענט זיך טיילווייז ווי פאלגט:

„דער דזשאינט קאנפערענץ געגען מעריט סיסטעם, פארטרעטענדיג טויזענטער פירמעס וועלכע באשעפטיגען א האלבען מיליאן ארבייטער און אויך ארבייטער און געזעלשאפטליכע ארגאניזאציעס, איז געגען דעם געזעץ פראיעקט. אזא געזעץ וועט ביסלאכווייז אויסשעפען דעם רעזערוו פאנד; וועט פירען צו העכערען די טעקס רעיטס אויף קליינע געשעפטס אונטערנעמער, ספעציעל אין אינדוסטריען וואס זיינען שוואך פינאנציעל; וועט פארקלענערען, אנשטאט צו פארגרעסערן די מעגליכקייטען צו קריגען באשעפטיגונג; וועט שטעלען אין געפאר די בענעפיטס צאלונגען צו די ארבייטער און וועט סוף כל סוף אונטערגראבען די סאמע עקזיסטענץ פון דעם ארבעטסלאזען פארזיכערונג געזעץ".

צוזאמען מיטן בריוו איז איינגעשלאסען געווארען א ליסטע פון יוניאנס און ארגאניזאציעס וואס זיינען אנגעשלאסען אן דער ליג. דער בריוו איז אונטערגעשריבען געווארען פון וויל. ג. ווהילער, פון דער ביל דינגס טריידס עמפלאיערס אסאסיאיישאן, אלס טשערמאן און פ. נייטהען וואולף, עקזעקוטיוו סעקרעטאר פון דער נעשאנאל קאנסומערס ליג און סוס ריקאווערי באארד אלס סעקרעטאר.

# פופציק יאר געשיכטע פון דער פרויען קליידער ארבייטער יוניאן אין שיקאגא

פון **מאריס ביאליס**, וויס־פרעזידענט



די „געשיכטע פון די פרויען קליידער ארבייטער יוניאן אין שיקאגא", ארויסגעגעבען פון דער שיקאגא דזשאינט באארד פון אינטער. איז שוין ארויס פון דרוק און געמאכט איר אויפטריט פאר דער עפענטליכקייט. מיט פיל פארגעניגען שטעל איך פאר אט דעם בייטראג צו דער געשיכטע פון דער ארבייטער באוועגונג, צו די מיטגלידער פון אונזער אינטערנעשאנאל און צו דער ארבייטער באוועגונג אין אלגעמיין. אן איבערטרייבונגען, איז עס א פראכטפולער בוך איבער ארבייטער געשיכטע וועלכער פארכאפט יעדען איינעם וואס איז פאראינטערעסירט אין דער ארבייטער באוועגונג און אין אירע פראבלעמען.

דער בוך שילדערט א פארכאפענדיג בילד פון פופציג יאר קאמף, גרויסע האפענונגען, נצחונות און דורכפאלען פון די שיקאגער קלאוק און דרעסמאכער. ווען מען פארטיפט זיך אין דעם בוך פילט מען ווי די צייט וואלט זיך א רוק געטאן צוריק אויף פופציג יאר. צום יאר 1886, און פאר אונזערע אויגען טראגען זיך פארביי די אלע פאסירונגען אין דעם לעבען פון די ארבייטער פאר דער צייט. ווען מיר לייענען קאפיטעל נאך קאפיטעל די ליידען און מאטערנישען וואס די קלאוקמאכער און נאכדעם די דרעסמאכער האבען זיך אנגעליטען, באקענען מיר זיך מיט די קרבנות וואס די מענשען האבען געבראכט, די שוועריגקייטען וואס זיי האבען זיך געמוזט אויסשטיין ביז זיי האבען אויסגעקעמפט די היינטיגע דערגרייכונגען.

גלייך פון אריינפיר אין בוך, שילדערט פאר אונז דער פארפאסער דעם סוועט שאפ מיט אלע זיינע שרעקען. דער לייענער באקענט זיך דארט מיט די פיאנערען פון אונזער יוניאן. זיי זיינען געווען ווייניג אין צאל אבער גרויסע אידעאליסטען, טרוימער פון א בעסערער וועלט וואס מוז קומען. זיי האבען געהאסט דעם סוועט־שאפ און האבען אגיטירט פאר א געמיינזאמער אנשטרענגונג ארויסצווארפען פון זיך און זייערע מיטארבייטער דעם יאך פון עקאנאמישער שקלאפעריי.

אין די ווייטערע קאפיטלען פירט דער פארפאסער די לייענער דורך די אלע לאבירינטען פון עקאנאמישער און אינדוסטריעלער אנטוויקלונג פון די פרויען קליידער טריידס אין שיקאגא. זיי באזוכען מיט אים צוזאמען קאנטראקטינג שעפער און אינסייד פאבריקען; יוניאן פארזאמלונגען אן א שפור פון ארדנונג; סטרייקס און פיקעט־לאינס. דא און דארט זעען זיי ווי א סטרייק ווערט געוואונען אדער פארלארען, זיך פרייענדיג מיט די אמאליגע סטרייקערס מיט זייערע קלייניגקע געווינסען און טרויערענדיג מיט זיי צוזאמען אויף זייערע דורכפאלען. זיי זעען פאר זיך ווי די קלייניגקע געווינסען רינען גלייך אויס, ווען די פארזוכען פון דער יוניאן צו ארגאניזירען שאפ נאך שאפ פאלט דורך. זיי זעען ווי אין דורכפאל האט אפגעווישט אלע פריערדיגע געווינסען און די ארבייטער ווערען צוריקגעשטויסען אין שקלאפעריי און געצוואונגען נאך אמאל אנהויבען דעם זעלביגען קאמף אויף דאס ניי.

אזוי טראגען זיך פאר די אויגען פון דעם לייענער אויף זייטעל נאך זייטעל פון בוך די בילדער פון אונזער געשיכטע. זיי זעען, ווי ביסלעכווייז, אין משך פון יארען, זאמלען די פירער אן אלץ מער און מער ערפארונג, די ארבייטער ווערען אלץ אגרעסיווער און אנטשלאסענער אין זייער קאמף פאר מענשליכע ארבייטס באדינגונגען און אנשטענדיגע שכירות. זיי זעען אויך ווי מיט דעם פארשריט פון די ארבייטער פארגרעסערט זיך אויך פארביסענקייט און דער ווידערשטאנד פון די בעלי בתים און די סטרייקס פארמערען זיך. די סטרייקערס און די פירער זיינען שוין אבער ניט דאס וואס אמאל. די סטרייקס זיינען שוין בעסער ארגאניזירט און צוגעגרייט, פארשוואונדען איז דער כאאס פון די ערשטע צוזאמענשטויסען. די סטרייקס ווערען בעסער געפירט.

אויף די ווייטערדיגע זייטלאך פון בוך גייען דורך בילדער פון פיקעט לאינס און ביטערע קאמפען; פאליציאישע קלאבס, אינדזשאנקשאנס, טורמע, קאנפערענצען מיט בעלי בתים, אגרימענטס. דער לעזער באקענט זיך מיט נייע מענשען, נייע נעמען און נייע פראבלעמען. מיט שטוינען לייענט ער וועגען דעם ברודער־קריג אין אונזער יוניאן ווען די ארבייטער האבען זיך געגענזייטיג באקעמפט מיט דער גרעסטער פארביסענהייט, פארשווענדענדיג זייער גאנצע ענערגיע אין אן אינערליכען קאמף וואס האט שיעור ניט פארניכטעט אלצדינג וואס איז אויפגעבויט געווארען דורך יארען פון קרבנות און אנשטרענגונגען.

די געשיכטע פון דער שיקאגער פרויען קליידער ארבייטער יוניאן פון 1886 ביז 1939 איז אנגעפיקעוועט מיט אומציילינגע עפיזאדען פון דעם לעבען פון אונזערע קלאוק און דרעסמאכער. עס פארצייכענט דעם געבורט פון אונזער יוניאן, דערציילט פון די קאמפען פאר עקזיסטענץ וואס זי האט געמוזט אנפירען, און מער פון אלץ, עס באטאנט די אומגעהויערע ראלע וואס די יוניאן האט געשפילט אין דעם לעבען פון די קלאוק און דרעסמאכער אין זייער אומערמידליכען קאמף צו מאכען דעם יאך פון די ארבייטער לייכטער און זייער לעבען דערטרעגליכער. דער בוך ווייזט אויך אן אויף דער וויכטיגער ראליע וואס אונזער ארגאניזאציע האט געשפילט אין דעם לעבען פון דער אלגעמיינער ארבייטער באוועגונג אין שיקאגא.

די געשיכטע פון דער שיקאגער דזשאינט באארד איז אן אויסגעצייכענטע שטיקעל ארבייט. די דזשאינט באארד פארדינט באגריסט צו ווערען פאר איר ארויסגעבען דעם בוך. איך וויל אויך אויסדריקען מיין אנערקענונג צום פארפאסער ווילפרעד קארסעל, וועלכער האט געארבייט אזוי געטריי ביי׳צושטייערען א וויכטיג בוך צו דער געשיכטע פון דער ארבייטער באוועגונג.

## באריכט פון דער קאמיטע פון דעם אינטערנעשאנאל טויטען־בענעפיט פאנד פארן חודש יאנואר

### טויטען בענעפיט אויסגעצאלט דורכן מאנאט

| נאמען | לאקאל | שטאט | עלטער | געשטארבן | יארן אין יוניאן | וואכען הינ־טערשטעליג | אויסגעצאלט צו וועמען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| לעווין, בעקי | 22 | ניו יארק | 47 | 9. 8.39 | 2 | 24* | מאן |
| עגנער, מאריס | 65 | לאס אנדזשעלעס | 54 | 11. 2.39 | 3 | 3 | ווייב |
| מענקעס, לואי | 18 | שיקאגא | 69 | 11.10.39 | 7 | 5 | ווייב |
| לאפינער, סש. | 117 | ניו יארק | 62 | 12. 3.39 | 12 | 20* | ווייב |
| קוירי, אנא בעל | 25 | ניו יארק | 40 | 10.12.39 | 6 | 3 | מוטער |
| לא מאטא, איזידאר | 89 | ניו יארק | 67 | 11. 8.39 | 5 | 57* | קינדער |
| דיטמאן, דזשאזעף | 147 | סטעמפארד, קאנ | 68 | 12. 5.39 | 9 | 9 | זון |
| פאניסקי, סידי | 231 | פינקניוויל, איל. | 49 | 12.15.39 | 2 | 10 | מאן |
| רייזבערג, ראוז | 22 | ניו יארק | 55 | 1. 8.40 | 7 | 2 | מאן |
| קליינראק, איזידאר | 22 | ניו יארק | 52 | 12.19.39 | 6 | 2 | ווייב |
| האכמאן, אב. | 60 | ניו יארק | 67 | 10. 2.39 | 6 | 13 | ווייב |
| קאהען, סעמיועל | 117 | ניו יארק | 64 | 9.23.39 | 6 | 13 | שוועסטער |
| רענא, ראול | 315 | מאנטרעאל | 55 | 12.11.39 | 2 | 7 | שוועסטער |
| סינגערמאן, הערמאן | 9 | ניו יארק | 63 | 11.13.39 | 6 | 7 | ווייב |
| פלאמהאלץ, סעמיועל | 9 | ניו יארק | 57 | 12. 2.39 | 5 | 13 | ווייב |
| וויין, יעטא | 22 | ניו יארק | 60 | 12.14.39 | 6 | 1 | שוועסטער |
| רובין, גאסי | 22 | ניו יארק | 48 | 12.11.39 | 6 | 25* | שוועסטער |
| זערילא, דזשאזעפין | 62 | ניו יארק | 47 | 11.26.39 | 6 | 1 | מאן |
| קאופמאן, מאריס | 117 | ניו יארק | 63 | 12.10.39 | 6 | 13 | ווייב |
| קארטעס, ענטאני | 128 | סאוטה דזשוירזי | 63 | 12. 7.39 | 6 | 8 | ווייב |

*) וויטהדראאלס.

### קלעימס צוריקגעוויזען

| נאמען | לאקאל | שטאט | עלטער | געשטארבן | יארן אין יוניאן | וואכען הינ־טערשטעליג | פארוואס צוריק־געוויזען |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| די מארקא, א. | 79 | פילאדעלפיע | 56 | 10.31.39 | מ12 | 00 | ניט באר. |
| ראג, מילדרעד | 118 | קענזעס סיטי | 22 | 10.27.39 | 2 | 18 | הינטערשט. |
| ליווי, דזשארדזש | 10 | ניו יארק | 49 | 6.22.39 | 3 | 46 | הינטערשט. |
| סינגער, נייטהען | 22 | ניו יארק | 55 | 10. 1.39 | 6 | 66 | אויסגעשל. |
| סעיר, מערי ענן | 12 | באסטאן | ג.ר. | 11.27.39 | מ9 | 4 | ניט באר. |
| באראק, סעם | 12 | באסטאן | ג.ר. | 12.12.39 | מ15 | 34 | ניט באר. |
| טאנער, דאראטי | 46 | באסטאן | ג.ר. | 10.10.39 | מ11 | 0 | ניט באר. |
| ליטראוויטיק, דזשעק | 22 | ניו יארק | ג.ר. | 7. 9.39 | 6 | 87 | אויסגעשל. |
| אמפארא, ריאס | 23 | ניו יארק | ג.ר. | 1.17.39 | 6 | 82 | אויסגעשל. |

**מיטגלידער וואס האבען ניט קיין קרובים וואס זאלען זיי אפ'ירש'ענען ווערען אויפגעפאדערט צו באשטימען א בענעפישיערי. טוט עס גלייך.**

## ארבייטער פון „דזשוניאר וואוג" הערען זייער ביזנעס אגענט, ברודער ראזענטאל.

די ארבייטער פון „דזשוניאר וואוג" 1400 בראדוויי, האבען דורכגעפירט א פיינעם אווענט לכבוד זייער ביזנעס אגענט ברודער ראזענטהאל פון דער דרעס דזשאינט באארד. מיט רעדעס זיינען ארויסגעטראטען דער דער פארטמענט מענעדזשער ברודער דייטש און א צאל ארבייטער פון שאפ, וועלכע האבען שטארק געלויבט ראזענטהאל'ס פארדינסטען פאר דער יוניאן אלס גאנצע און פאר די ארבייטער פון דעם שאפ. די ארבייטער האבען אנגענומען א דאנק רעזאלוציע און געגעבען זייער ביזנעס אגענט ראזענטהאל א שיינעם פרעזענט פאר זיין געטרייער און איבערגעבענער ארבייט פאר די ארבייטער פון שאפ. די ארבייטער האבען אויך אויסגעדריקט זייער דאנק צו דער קאמיטע פון שאפ, וועלכע האט געהאלפען ראזענטהאלן דורכפירען די ארבייט, די ברידער שניידער, קאהען און סעמיולאוו און אויסגעדריקט די האפענונג, אז די וועלען אלע פארזעצען די גוטע ארבייט ווי ביז איצט.

ספעקטאר, שאפ טשערמאן; שווארץ, קאופמאן און איזי לינדערמאן, לאקאל 22; האסטובסקי פון לאקאל 60, די קאמיטע.

# בריף וועגען יוניאַן פראַגען

ווערטער רעדאַקטאָר:

ווען איך בין אַן אויפריכטיגער קאָמוניסט און לעב אין אַזאַ אומזיכערער צייט, וואו יעדער טאָג, יעדע שטונדע קען זיך פאַר מיר בייטען די לאַגע צוליב מיין פּאַרטיי ביכעל, וואָלט איך ניט געהאַט די חוצפה צו קריטיקירען אויפריכטיגע פּראָגרעסיווע יוניאַנס, ווי אונזער לאָקאַל 60 איז.

איך וואָלט ניט אַרונטערגעריסען שווערע יאָרען פון קאָנסטרוקטיווער ארבייט אין דעם לאָקאַל פאַר די ארבייטער; איך וואָלט ניט צוגעזאָגט קיין גליקען צו מענשען, וועלכע טרינקען זיך אין נויט, דורך דער אַלגעמיינער לאַגע אין לאַנד און דער שלעכטער לאַגע אין דער נידעל אינדוסטריע; איך וואָלט עס ניט געטאָן אַפילו אין אַ צייט פון עלעקשאַנס, כדי ערווילט צו ווערען. אַלס קאָמוניסט וואָלט איך ניט געהייסען יענעם וואַרטען אין לייך פאַר אַ טאָג ארבייט, אַדער פאַר אַ דזשאָב, און אַליין דורך אַלע מעגליכע פּראָטעקציעס פּרובירען קריגען אַ טאָג ארבייט, אַ סטעדי דזשאָב.

איך וואָלט ניט געזוכט קיין חסרונות אויף יענעם צוליב פּאָליטישע צוועקען, ווען איך וואָלט געוואוסט אַז עס קען שאַדען מיין לאָקאַל, מיין יוניאָן.

איך וואָלט זיך אַריינגעטראַכט און געזען, ווי איז עס אין אַנדערע יוניאַנס, אפילו אין קאָמוניסטישע. זיינען דאָרטען די קאָנדיציעס ניט די זעלבע? און אפשר נאָך ערגער?

איך וואָלט קיינמאָל ניט קריטיקירט די אַדמיניסטראַציע בלויז דערפאַר ווייל זי קען ניט פאַרבעסערען די לאַגע גאַנצע 100 פּראָצענט — ווייל די פירער זיינען ערליך געטרייע און גיבען עס אַליין צו. איך וואָלט איינגעזען, אַז קיין יוניאָן, און אַפילו ניט איך אלס קאָמוניסט, וואָלט געקענט פאַרבעסערען די לאַגע אינגאַנצען, ווען די וועלט איז אין אַזאַ צושויבערטער און אומזיכערער לאַגע, ווען מיליאָנען זיינען ארבייטסלאָז און האָבען ניט דאָס נויטיגסטע.

איך וואָלט זיך ניט ערלויבט דעם לוקסוס צו פּיסען מיט פּראָזען, מיט ניט־באַגרינדעטע באַשולדיגונגען, מיט פּראָוואָצירענדע לאָזונגען נאָר דערפאַר ווייל עס גלוסט זיך מיר אַ באַצאָלט דזשאָבעל אין דער יוניאָן.

איך וואָלט זיך קיינמאָל ניט ערלויבט אַנצורייצען אַיין טייל ארבייטער געגען צווייטען, ספּעציעל די שוואַרצע אין אונזער לאָקאַל. ווער, ווער, אָבער זיי ליגט נאָך אין טעם די יאָרען פון שקלאַפעריי, ווען זיי האָבען געארבייט פאַר צוויי דאָלער אַ טאָג, און ניט געווען זיכער אַפילו מיט דעם. וועלכע פון די יוניאַנס איז געווען די ערשטע צו העלפען די שוואַרצע קומען צו דעם מצב אין וועלכען זיי געפינען זיך איצט — אויב ניט די אינטערנעשאַנעל מיט אירע לאָקאַלען, איינגעשלאָסען לאָקאַל 60?

ווען איך בין אַ קאָמוניסט, וואָלט איך ערליך באַהאַנדעלט מיין יוניאָן און די אדמיניסטראַציע, שוין דערפאַר אַליין, ווייל אין דער איצטיגער שווערער צייט איז יעדער שטער אין וועלכע עס איז געזעלשאַפטליכער, קולטורעלער אָדער עקאָנאָמישער אינסטיטוציע אַן אומערהערטער פאַרברעכען.

ווען איך בין אַ קאָמוניסט און וויל פּונדעסטוועגען ערווילט ווערען אין דער אַדמיניסטראַציע, וואָלט איך אויפגעוויזען מיט פאַקטען מיינע לייסטונגען און פעאיגקייטען פאַר און אין דער ארבייטער באַוועגונג, און נאָר דורך די מיטלען וואָלט איך פּרובירט ערווילט ווערען.

איך וואָלט זיך קיינמאָל ניט ערלויבט אויסצונוצען די פּריווילעגיעס פון מיין יוניאָן, פון מיין לאַנד פאַר ניט אַנשטענדיגע צוועקען.

איך וואָלט זיך געטראַכט: — ווען איך האָב די מאַכט — וואָלט איך אויך אַזוי געהאַנדעלט אין אונזער יוניאָן? וואָלטען געגנער אויך געהאַט די פּריווילעגיעס? וואָלט מען מיין אַדמיניסטראַציע אויך געקענט דורך שריפטען און דורך וואָרט קריטיקירען אומגעשטערט?

ווען איך בין אַ קאָמוניסט, וואָלט איך זיך גוט באַטראַכט, אײדער איך וואָלט זיך גענומען צו בלאָטע, פון וועלכער מען מוז אַליין זיך שטאַרק איינשמירען, אָבגעזען צי איך וואָלט נאָך דערווייל געווען אַ פּאַרטיי מעמבער — און גענומען צושטימען צו דעם היטלער־סטאַלין פּאַקט.

ת. קלורפעלד, לעדזשער 5084.

ווערטער רעדאַקטאָר:

זינט איך באַלאַנג צו אונזער יוניאָן, האָב איך נאָך קיין איין נומער פון אונזער זשורנאַל ניט פאַרפעלט צו לעזען, און איך געפין פיל באַפרידיגונג גייסטיג, און אויך ניצליכע אינפאָרמאַציע וועגען דער לאַגע אין אונזער אינטערנעשאַנעל און אויך אין אונזער יוניאָן.

פאַר דער לעצטער צייט אָבער פעלט אונז, אלס דרעסמאַכער, איין „פּיטשור“, וואָס פלעגט אַזוי גערן געלעזען ווערען פון יעדען אידישען דרעסמאַכער. דאָס איז „אויפ׳ן דרעס מאַכער פראָנט“, פון אונזער ליבען מינקאָף.

די ערשטע זאַך, ווי נאָר אַ דרעסמאַכער פלעגט עפענען די „גערעכטיגקייט“, איז די ערשטע זאַך געווען צו לעזען וואָס עס שרייבט אונזער ליבער מינקאָף, „פון דרעסמאַכער פראָנט“. איבערלייענענדיג דאָס פלעגען מיר פיל־וויניגער וויסען וואָס עס הערט זיך ביי אונז אין טרייד, און אויך אין אונזער יוניאָן.

דאָס האָט מיך באַוואויגען איך שרייבען דעם בריוועל און פרעגען: וואָרום איז אונזער ליבער מינקאָף געוואָרען אויס גענעראַל פון דרעסמאַכער פראָנט? אפשר איז מעגליך ווייטער אויפלעבען אָט די נויטיגע פּיטשור?

מיט ברודער־גרוס,

הערי אַלטמאַן, לאָק. 22, לעדזש. 49(171.

פון דער רעדאַקציע: ווי איר זעט, איז אייער וואונש מקוים געוואָרען. ברודער מינקאָף שרייבט ווידער זיינע אַרטיקלען אין דער „גערעכטיגקייט“ און מיר האָפען אז ער וועט עס טאָן רעגעלמעסיג.

## לויבט די קרעדיט יוניאַן פון די דרעסמאַכער.

ווערטער רעדאַקטאָר:

ערלויבט מיר אויסדריקען מיין באַגייסטערונג פאַר דער ארבייט פון דער דרעסמאַכער קרעדיט יוניאָן. איך בין העכסט גליקליך, וואָס די קרעדיט יוניאָן האָט מעגליך געמאַכט, אַז אונזערע מעמבערס זאָלען קענען קריגען אַ הלואה ווען זיי נויטיגען זיך אין דעם און ניט דאַרפען מער אַנקומען צו די לאָאַן שאַרקס, וואו זיי דאַרפען דורכמאַכען אַלערליי שוועריגקייטען און ערנידערונגען און נאָך צאָלען רויבערישע פּראָצענטען.

איך אַליין בין פאַר די לעצטע צוויי יאָר אויסגעווען וואו נאָר אַ לאָאַן קאָמפּאַני און האָב ניט געקענט קריגען קיין הלואה, סיידען איך זאָל פאַרזעצען מיינע בעבעכעס און צאָלען 20 פּראָצענט אינטערעסט אַ יאָר, אָדער קריגען גוט־זאָגער, וועלכע זאָלען גאַראַנטירען, אַז איך ארבייט צוויי און פופציג וואָכען אין יאָר, און נאָך אַדיינע פאָדערונגען. ביז איך האָב געמוזט אויפגעבען די האָפענונג צו קענען קריגען פון זיי געבאָרגט די עטליכע דאָלאַר אין וועלכע איך האָב זיך גענויטיגט.

ווי אַנדערש איז געווען מיין ערפאַרונג מיט אונזער דרעסמאַכער קרעדיט יוניאָן, וואו איך האָב געקראָגען אַ לאָאַן אָן שוועריגקייטען און מיט דער גרעסטער פריינדליכקייט פון אַלעמען! עס איז באמת אַ שטיק סאָציאַליזם.

מיט בעסטען וואונש,

מעקס אייזענבערג

---

ווערטער רעדאַקטאָר:

איך וויל אייך בעטען פאַרעפענטליכען דעם בריף, אפשר וועט דער פאָלגענדער סיסטעם צו העלפען די ארבייטסלאָזע פון לאָקאַל 60 קענען אָנגענומען ווערען. דער איצטיגער וועג פון העלפען די אַרבייטסלאָזע רופט אַרויס צוויסטיגקייטען און באַשולדיגונגען, און קאָסט יעדען מעמבער, וואָס פאַרדינט מער ווי 30 דאָלאַר אַ וואָך — דורכ׳ן יאָר 60 דאָלאַר, אַ חוץ טעקסעס אויפצוהאַלטען דעם דעפּאַרטמענט.

די אַרבייטסלאָזע זיינען אומצופרידען און די וואָס האָבען דזשאָבס זיינען אויך אומצופרידען. דער פאַקט, אַז עס זיצט אַ קאָמיטע צו פּרובירען אויסצובעסערען דעם איצטיגען פּלאַן צייגט, אַז ס׳איז ניט אַזוי גוט.

איז דאַריבער לאָמיר פּרובירען אַ נייעם וועג. אָט איז וואָס איך שלאָג פאָר:

1) יעדער מעמבער, וואָס פאַרדינט 20 דאָלאַר אַ וואָך און מער זאָל צאָלען 1 דאָלאַר אַ וואָך צום ארבייטסלאָזען פאָנד. אַ סטעמפּ מיט אַ קאַרד אויף דעם זעלבען אופן ווי דער דיוס קאַרד זאָל איינגעשטעלט ווערען. (אויב עס וועט זיך געפינען אַ טשיזלער וועט מען אים לייכט געפינען).

2) אַ פולשטענדיגער ארבייטסלאָזער זאָל קריגען 15 דאָלאַר — אַ וואָך נאָך 2 וואָכען פון רעגעסטרירען זיך. אויב ער ארבייט איין טאָג אין אַ וואָך זאָל אים צוגעצאָלט ווערען ביז 15 דאָלאַר. אויב ער פאַרדינט 20 דאָלאַר און מער באַדאַרף ער צאָלען 1 דאָלאַר צום פאָנד פונקט ווי אַלע.

3) קיין מעמבער פון לאָקאַל 60 זאָל ניט טאָרען גיין אויף קיין דזשאָב אָן אַ וואָרקינג קאַרד.

4) יעדער מעמבער פון לאָקאַל 60 זאָל זיין באַרעכטיגט צו קריגען אַ וואָרקינג קאַרד אָן פראַגען. טעג ארבייט, וואָס וועלען אריינקומען אין אָפיס זאָל געגעבען ווערען צום בעסטען מאַן פאַר דעם דזשאָב.

דאָס פאַרוואַלטען מיט׳ן דעפּאַרטמענט וועט קאָסטען וויניגער ווי איצטער. מען וועט ניט דאַרפען גיין אין די שעפּער זוכען טעג.

דער ארבייטסלאָזער וועט צוריק קריגען די איניציאַטיווע, וואָס ער האָט פאַרלאָרען. ער וועט ניט זיין פולשטענדיג אָפּהענגיג אין דער יוניאָן צו קריגען אַ טאָג ארבייט, און זיין אַזוי נידערשלאָגען און האָפענונגסלאָז.

און די מעמבערס, וואָס האָבען דזשאָבס וועלען באַפרייט ווערען פון אַ געוויסען צוואַנג, וואָס וועט מוזען סוף־כל־סוף אָפּגעשאַפען ווערען און מיט דעם מיין איך אָט וואָס! אַ מעמבער פון לאָקאַל 60 קען ניט קריגען קיין וואָרקינג קאַרד. ער קען ניט בייטען זיין דזשאָב, אָדער קריגען אַ דזשאָב אפילו ווען ער מאַכט ניט קיין לעבען, אָדער ער קען ניט פאַרטראָגען דעם שאָפּ. זיין איינגעבוירענע רעכט צו פאַרבעסערען זיין אייגענעם לעבען ווערט ביי אים צוגענומען. ער איז פאַר׳משפּט צו ליידען אַן וועלכע ס׳איז אורזאַכע. ער איז פולשטענדיג אָפּהענגיג אינ׳ם גוטען ווילען פון באַאַמטען. דאָס ווערט געטאָן לטובת דעם ארבייטסלאָזען, אָבער פרעגט דעם ארבייטסלאָזען זאָגט ער, אַז אין דער צייט פון פריערן מאַרקעט האָט ער פאַרדינט מער! דאַריבער זאָג איך, אַז מיר מוזען העלפען די ארבייטסלאָזע אויף אַ ממשות׳דיגען אופן, ווייל דאָס מיינט העלפען זיך אַליין. און מיר מוזען באַצאָלען, ווייל קיינער וועט פאַר אונז ניט באַצאָלען. צו דער זעלבער צייט מוז איבערגעלאָזט ווערען צום מעמבער טיילווייזע רעכט צו פאַרבעסערען זיין לעבען אויב ער קען.

מיט אַכטונג,

פ. דיאַמאַנד. לאָקאַל 60.

## דאָס באַנדעל און די רוט.

חשוב׳ער רעדאַקטאָר פון „גערעכטיגקייט“:

ערלויבט מיר אויסדריקען מיין מיינונג אויף די זייטען פון אונזער יוניאָן צייטונג וועגען דעם קאַמף, וועלכען די קלאָוקמאַכער יוניאָן פון ניו יאָרק פירט אַ איצט פאַר „אַ יושר׳דיגער איינטיילונג פון אַרבייט.“

איך גלויב, אַז דער דאָזיגער קאַמף, וועלכער ווערט אָנגעפירט פון אונזער דזשאָינט באָאַרד, אונטער דער פירערשאַפט פון דזשענעראַל מענעדזשער, ברודער י. פיינבערג, דאַרף געפינען דעם וואַרימסטען אָפּרוף אין די הערצער פון אַלע קלאָוקמאַכער. נישט בלויז דערפאַר ווייל מיר ערוואַרטען באַלדיגע ממשות׳דיגע רעזולטאַטען צו לייזען טיילווייזע אַרבייטסלאָזיגקייט, נאָר הויפּטזאַכליך דערפאַר, ווייל אָט דער קאַמף פירט אויף אַ וועג, אויף וועלכען אונזער יוניאָן וועט אָנטאָפּען אַ פעסטען באָדען פאַר אַ ווייטערען שריט צו באַפעסטיגען יוניאָן קאָנדיציעס.

עס איז דאָך אַן אַלטער כלל, כמעט אַן עקאָנאָמישער געזעץ, אַז די באַנדלען קייקלען זיך אַהין, וואו מען פּראָדוצירט זיי ביליגער. ביי אַזאַ סיטואַציע פאַרלירט די יוניאָן דעם קאָנטראָל איבער דער אַרגאַניזירטער פּראָדוקציע, וואָס פירט צו אַרבייטס־קאָנקורענץ צווישען אינסיידיגע און אויטסיידיגע שעפּער, צווישען ניו יאָרקער, ברוקלינער און קאַונטרי באַלמעלאַכעס.

יוניאָן סאָלידאַריטעט טרעט אַן פּלאַץ פאַר דיסאָרגאַניזאַציע און יוניאָן סטאַנדאַרדס, און יוניאָן באַדינגונגען הויבען אָן צו פאַלען.

די רפואה פאַר די מכות — איז יוניאָן קאָנטראָל: די יוניאַן זאָל האָבען די דעה, אַז די באַנדלאָך זאָלען איינגעטיילט ווערען יושרידיג און וואוהין די זאָלען גיין.

די אינדוסטריעלע לאַגע ווי עס איז איצט, שטעלט זיך מיר פאַר אין פאָלגענדען בילד:

אַ הויכער באַרג פון קלאָוק באַנדעלס אויפן שפּיץ פון באַרג שטייט אַ פּרוי. לאָמיר זי אָנרופען „די מעס־

ראַפּאָליטאַן גאַרמענט לידי". זי שטייט אין אַ מאַיעסטעטישער פּאָזע, האַלטענדיג אין איין האַנט אַ שטאַנג, אויפן שפּיץ פון וועלכען עס הענגט אַרונטער איין איינציג באַנדעל. אין דער צווייטער האַנט האַלט זי אַ רוט. אַרום דעם באַרג, פון פאַרשידענע זייטען, שטייען גרופּעס קלאָוקמאַכער: ניו יאָרקער, ברוקלינער, קאַונטרי און אַנדערע. זיי זעען נישט איינע די אַנדערע — דער הויכער באַרג פאַרשטעלט זיי און טיילט זיי פאַנאַנדער. מיט הענט, אויסגעשטרעקטע, מיט אויגען בעטענדע, ציט זיך יעדע גרופּע אַרויף צום איינציגען באַנדעל וואָס הענגט אַרונטער פון שטאַנג.

מיט געבויגענע רוקענס, מיט הכנעה, בעטלען זיי, יעדע גרופּע באַזונדער:

— אַהער, צו אונז, גנעדיגע פרוי, וואַרף דאָס באַנדעל אַרונטער...

— אַרונטער מיט פּרייזען — קאָמאַנדעוועט די פרוי, פאָכענדיג מיט דער רוט.

— זאָל זיין אַרונטער, צוליב אונזערע פרויען און קינדער — בויגען זיך אַלע איינציגווייז אונטער די שמיץ פון דער רוט.

און די „מעטראָפּאָליטאַן גאַרמענט לידי" טריאומפירט. זי וואַרפט איינציגווייז באַנדעלס צו יעדער גרופּע באַזונדער.

איך גלויב, אַז קלאָוקמאַכער לעזער וועלען פאַרשטיין דעם משל — דעם ריכטיגען אויספיר.

די לייזונג צו דער לאַגע איז — יוניאָן סאָלידאַריטעט.

אַלע גרופּעס בעלי מלאכות, אָן אונטערשייד, וואו זיי אַרבייטער, דאַרפען אַרויף אויף דעם שפּיץ פון באַרג, דערקענען איינע די אַנדערע און אַרויסרייסען דעם הערשענדען רוט פון דער זעלבסטהערשענדער „מעטראָפּאָליטאַן גאַרמענט לידי". ווען זיי וועלען וועדען די באַלעבאָטים איבער דעם באַנדעל באַרג, וועלען זיי שוין זיך איינטיילען. דער גרויסער באַנדעל באַרג וועט שוין שפּייזען בכבוד אַלע, וועמען ס'איז באַשערט צו פאַרצוזען ביי נאָדעל, שער און אייזען.

איך באַגריס דעם קאַמף וואָס אונזער יוניאָן האָט אונטערנומען און גלויב אַז יעטוועדער יוניאָן מאַן דאַרף פאַרשטיין די וויכטיגקייט און צולייגען אַ האַנט דעם קאַמף צו פירען צו זיין העכערען ציל.

מ. ס ל אַ ו ו י ן,

מעמבער לאָקאַל 35.

# רעזאָלוציעס פון שעפּער

די אַרבייטער פון „קעץ און סטאַרק", 234 וועסט 39טע סטריט, האָבען ביי אַ שאַפּ־מיטינג באַשלאָסען עפענטליך אויסצודריקען זייער דאַנק צו די בעאַמטע פון דער יוניאָן, ברודער אייב דויטש, מענעדזשער פון נעשאַנעל דעפּאַרטמענט פון דער דרעס דזשאָינט באָארד; ברודער לואיס ראָזענטאַל, ביזנעס אגענט און דעב טשערמאַן פון שאַפּ, ברודער בעם ווייס, פאַר זייער גוטער און געטרייער אַרבייט פאַר די בעלי מלאכות פון שאַפּ, דורך האַלטען די אַרבייטער פאַראייניגט און אַזוי אַרום באַשיצען די דזשאָבס פון יעדען איינעם פון די אַרבייטער.

די קאָמיטע: דזשעק באומאַן, היימאַן פּערלמאַן, לאָק. 22; לואיס אַש, לאָק. 60; לאָרענצאָ וויגרעלי, לאָק. 89 און לעאָן נוסבאום, לאָק. 10.

---

רעזאָלוציע פאַר'ן ריסוירטש דעפּאַרטמענט

מיר, די ברידער פון לאַריע דרעס שאַפּ, 550 זיבעטע עוועניו, ווענדען זיך צו דער „גערעכטיגקייט" צו ערלויבען אונז אויסצודריקען אַ האַרציגען דאַנק צו דר. לאַזאַר טעפּער, פון ריסוירטש דעפּאַרטמענט פון אונזער אינטערנעשאַנעל. און ספּעציעל צו מר. טיילאָר, פאַר פאַרטרעטען אונזער „קעיס" ביים רעפערי וועגען אַנעמפּלאָימענט אינשורענס, געווינענדיג פאַר די אַרבייטער הונדערטער דאָלאַרס, און אויך אַרויסנעמענדיג פון אונז די שטראָף פון 10 וואָכען פאַרלוסט פון אינשורענס.

און גלייכצייטיג דאַנקען מיר אונזער מענעדזשער פון לאָקאַל 22, ברודער זימערמאַן, און דעם שטענדיג פריינדליכען פינאַנץ־מענעדזשער, ברודער מינקאָף; אויך אונזער ביזנעס אייגענט, ברודער ראָזענפעלד, פאַר זייער ראַט און טאַט אין דער אַנגעלעגענהייט. און מיר פאַרזיכערען שטענדיג צו פאַרבלייבען לאָיאַלע מיטגלידער פון אונזער אינטערנעשאַנעל.

לייבעל דזשייקאָבס, טשערמאַן.

---

די אַרבייטער פון „מ. סלאָוט קאָמפּאַני", ביי אַ שאַפּ מיטינג אין דער סקוירטמאַכער יוניאָן לאָקאַל 23, אונטערן פאָרזיץ פון זייער ביזנעס אגענט, ברודער גאָלד, האָבען אויסגעדריקט זייער דאַנקבאַרקייט צום טשערמאַן, מעקס סטיין, פאַר זיין גוטע, געטרייער און איבערגעבענער אַרבייט פאַר די בעלי מלאכות פון שאַפּ. סטיין אלס שאַפּ טשערמאַן האָט אָפּגעגעבען זיין גאַנצע צייט די אינטערעסען פון די אַרבייטער און אריינגעבראַכט איינינקייט צווישען די אַרבייטער. איצט, ווען איבער זיין שוואַכען געזונט, קען ער מער זיין טעטיגקייט ניט אָנהאַלטען, באַדויערען עס די אַרבייטער און פּרעזענטירען אים מיט אַ קליינער מתנה, ווינשענדיג אים צו פאַרנומען עס געזונטערהייט.

די קאָמיטע: דזשאָו מעדניק, הערמאַן וואַרשאָו און אוירווינג נידעל, פון לאָק. 23; מילדרעד ספּראַגנע און מייקעל מאַטסאָטשערי פון לאָק. 48; מעקס ברוקס פון לאָקאַל 35.

---

די אַרבייטער פון „באַרטלי פראַק", 498 זיבעטע עוו., ביי אַ ניי־יאָר פּאַרטי, האָבען באַשלאָסען אויסצודריקען אונזער אָנערקענונג צו אונזער שאַפּ טשערמאַן, ברודער דוד נעטענסאָן, דורך פּרעזענטירען אים מיט אַ ווערטפולען פּרעזענט. ברודער נעטענסאָן פאַרנעמט דעם פּאָסטען פאַר די לעצטע 2 יאָר צייט און האָט אונערמידליך און איבערגעגעבען געאַרבייט פאַרן וואוילזיין פון שאַפּ.

אויך אַ האַרציגען דאַנק צו אונזער שוועסטער, בידנעס אַגענטין, ראָוז מירסקי, פאַר דעם פאַרגעניגען וואָס זי האָט אונז צוגעטיילט, באַטייליגענדיג זיך אין דער סייערונג. מיר ווילען האָפען אַז זי וועט נאָך לאַנג זיין אַקטיוו אין דער אַרבייטער באַוועגונג.

די קאָמיטע: ק. גרושקאָ און סאָפיע ביאַלעק־וואַישיאַק, לאָקאַל 22; טשאַרלי נאָוואָקאָווסקי, ל. 60; מערי דיפּידי, ל. 89.

# גענעראַל מעמבער מיטינג פון דרעסמאַכער קרעדיט יוניאָן הייסט גוט אײנשטימיג באַריכט און ערווײלט ווידער די בעאַמטע

...טייט בענקינג עקזאַמינער לויבט שטאַרק די קרעדיט יוניאָן און אירע פירונגען. — מיטינג באַשליסט צו פאַרלייכטערען פאַר מעמבערס זיך אָנצושליסען.

די דרעסמאַכער קרעדיט יוניאָן פון לאָקאַל 22 ...האָט דעם 31טען דעצעמבער אָפּגעהאַלטען אַן אַלגע... ...יינע פאַרזאַמלונג פון די מיטגלידער וואו זיי האָבען ...יפגענומען דעם באַריכט פאַר דעם לעצטען יאָר. ...יבער דריי הונדערט מיטגלידער זיינען אַנוועזענד גע... ...ען ביים מיטינג און האָבען דעם באַריכט פון דער ...ירערשאַפט איינשטימיג גוטגעהייסען מיט באַגייסטע... ...ונג. דער פינאַנציעלער באַריכט פאַרן יאָר 1939 ...האָט אָנגעוויזען אַז די קרעדיט יוניאָן האָט דורך דעם ...ר געהאַט איינגאָמען פון איבער 17,000 דאָלאַר און ...האָט די זעלביגע סומע אויסגעבאָרגט צו מיטגלידער. ...י געזעלשאַפט האָט דעם יאָר געהאַט פּראָפיט 779.87 ...דאָלאַר וועלכעס איז צעטיילט געוואָרען צו די מיטגלידער ...ין דער פאָרם פון דיווידענדס.

...גרויס אויפזען האָט געמאַכט דער באַריכט פון סטייט ...קזאַמינער צום בענקינג סופּעראינטענדענט וועגען דעם ...שטאַנד און פירונגען פון דער דרעסמאַכער קרעדיט ...יוניאָן, אין וועלכען ער שרייבט:

„די ביכער און רעקאָרדס ווערען געהאַלטען זייער ...ין. די בעאַמטע ווייזען אַרויס געהעריגקייט פאַר קאָנ...סטרוקטיווע אָנווייזונגען וואָס זאָל נוצען ברענגען ...די דרעסמאַכער קרעדיט יוניאָן. די קרעדיט יוניאָן פּראָגרעסירט אונטער דער זיכערער, פעסטער פּאָליסי פון דער פירערשאַפט".

אַלס אויסדרוק פון דאַנק און אָנערקענונג צו דער פירערשאַפט פון דער קרעדיט יוניאָן האָט די פאַרזאַמלונג ווידער ערוויילט די זעלביגע בעאַמטע פאַר נאָך אַ טערמין. אַ ספּעציעלער דאַנק איז אויסגעדריקט געוואָרען צום סעקרעטאַר פיליפּ קאָהען; דעם אַקאַונטענט בען גלאַדסטאָון; און צו לואיס דזשאָרקין, מענעדזשער פון דער שיפּינג קלורקס יוניאָן, אין וועמעס העדקוואַרטערס די קרעדיט יוניאָן האַלט אָפּ אירע מיטינגען. די פאָלגענדע זיינען ווידערערוויילט געוואָרען: מעקס מעדווין, פּרעזידענט; בען קנאַוער, וויס־פּרעזידענט; מעקס בלושטיין, טרעזשורער; פיליפּ קאָהען, סעקרעטאַר; נ. מ. מינקאָף, נייטהען מאַרגאָליס און מאָריס קליין אין דער באָאַרד אָוו דירעקטאָרס. די סופּערווייזאָרי קאָמיטע באַשטייט פון: סאָשאַ זימערמאַן, טשערמאַן; אַ. חיים, מעקס לעיק, דייוו געסנער און אַ. מאַרגאָלין. די קרעדיט קאָמיטע איז: עלי אייזענבערג, טשערמאַן; סעם סלאָצקי, ה. פאָמעראַנץ, סעם קאַרניץ און דייוו דייווידסאָן.

די פירערשאַפט פון דער קרעדיט יוניאָן האָט אָנגענומען אַ באַשלוס צו פאַרגרעסערען די מעמבערשיפּ, און וועט געבען אַלע מעגליכקייטען פאַר מעמבערס פון לאָקאַל 22 זיך אָנצושליסען אָן שוועריגקייטען און אויף לייכטע באַדינגונגען.

די קרעדיט יוניאָן מיטעט אַלע מיטוואָך אָווענט, גלייך נאָך דער אַרבייט, אין די העדקוואַרטערס פון די שיפּינג קלורקס יוניאָן, 587 — זיבעטע עוועניו.

# נאָך 60 מיטגלידער פאַרענדיגען דעם קורס פאַר באַאַמטע

דעם מאָנאַט האָבען נאָך זעכציג מיטגלידער פון דער אינטערנעשאַנאַל אין ניו יאָרק פאַרענדיגט דעם קורס וואָס גרייט זיי צו פאַר באַצאָלטע עמטער אין דער יוניאָן און האָבען גראַדואירט. דאָס איז שוין דער צווייטער קלאַס אַזעלכער וואָס פאַרענדיגט דעם שטודיום זינט די קורסען זיינען איינגעאָרדענט געוואָרען.

אַט דער סיוויל סירוויס קורס פאַר קאַנדידאַטען אויף יוניאָן עמטער איז, דוכט זיך, דער ערשטער און דער איינציגער אין דער טרייד יוניאָן באַוועגונג. לויט אַ באַשלוס פון דער לעצטער קאָנווענשאַן, קען קיין מיטגליד ניט לויפען פאַר אַ באַצאָלטען אַמט אין דער יוניאָן, סיידען ער מאַכט דורך אָט דעם צוגרייטונגס קורס.

דער שטודיום אין די קורסען אַנטהאַלט צוועלף וועכענטליכע פעריאָדען פון צוויי שטונדען יעדע אין טרייד יוניאָן טעכניק; זעקס צווייגע וועכענטליכע פעריאָדען אין דער געשיכטע פון דער יוניאָן, די עקאָנאָמיקס פון דער פרויען קליידער אינדוסטריע, די סטרוקטור און די פונקציעס פון דער יוניאָן, און דריי פעריאָדען אין פּאַרלאַמענטאַרישע רולס ווי זיי ווערען אָנגעווענדעט אין אָנפירען אַ יוניאָן פאַרזאַמלונג. צום גראַדואירען מוז יעדער סטודענט האָבען ווייניגסטענס 75 פּראָצענט אָנוועזענהייט ביי די קלאַסען און אַ דורכשניט פון 75 פּראָצענט אין די עקזאַמענס וואָס ווערען געגעבען פון צייט צו צייט איבער פאַרשידענע געגענשטאַנדען.

דער קורס אין טרייד יוניאָן טעכניק ווערט אָנגעפירט פון באַאַמטע פון דער יוניאָן אונטער דער אויפזיכט פון אַן אינסטרוקטאָר. דער עדיוקיישאַנאַל דעפּאַרטמענט פון דער אינטערנעשאַנאַל האָט אַרויסגעגעבען אַ „האַנט־בוך פאַר טרייד יוניאָן מעטאָדען" און אַ צאָל אַנדערע ביכער און פּאַמפלעטען וואָס ווערען גענוצט אין דעם קורס. די סטודענטען ווערט אויך געגעבען געוויסע מאַטעריאַלען צום לעזען וועלכע שטעלען אויעק אַן אויסערגעוויינליך הויכען סטאַנדאַרד און בלויז איין דריטעל פון רעגיסטרירטע סטודענטען האָבען ערפאָלגרייך דורכגעמאַכט דעם קורס. דער גראַדואירטער סטודענט קריגט אַ דיפּלאָמע און זיין לאָקאַל ווערט אינפאָרמירט אז ער האָט ערפאָלגרייך פאַרענדיגט זיין קורס. די אַדווייזאָרי קאָמיטע פאַר די קורסען באַשטייט פון: דר. טשאַרלס אַ. בירד, פּראָפעסאָר פאָול פ. בריסענדען, דייוויד דוש. סאַפּאָס און דר. טערעזאַ וואָלפסאָן, צוזאַמען מיט וויס פּרעזידענט דזשוליוס האָכמאַן, טשערמאַן פון דער עדיוקיישאַנאַל קאָמיטע.

# פירער פון טרייד־יוניאן אינטערנאציאנאל אפעלירען צו אמעריקא־נער ארבייטער צו העלפען קרבנות אין פינלאנד

פרעזידענט דוד דובינסקי, פון דער אינטערנעשאנאל, האט ערהאלטען קייבעלגראמס פון פרעזידענט פון דער אינטערנאציאנאלער טרייד יוניאן פעדעראציע, סער וואל־טער סיטרין און דעם פרעזידענט פון דער פעדעראציע פון די טרייד יוניאנס אין פינלאנד, עערא א. וואורי, אין וועלכע זיי אפעלירען צו די ארגאניזירטע ארבייטער אין אמעריקע צו העלפען די קרבנות פון דער פארברע־כערישער מלחמה וואס סאוועט רוסלאנד פירט אן געגען פינישען פאלק. די טעלעגראמע לייענט זיך ווי פאלגט:

„אלס פרעזידענט פון דער אינטערנאציאנאלער פע־דעראציע פון טרייד יוניאנס און אלס מיטגליד פון דער ענגלישער ארבייטער דעלעגאציע, וועלכע באזוכט איצט פינלאנד, זע איך איבער פלאץ דעם העלדישען קאמף פון דעם מוטיגען פינישען פאלק זיך געגענצושטעלען דעם בלוטיגען און ניט־פראוואצירטען איבערפאל פון רוס־לאנד און דער געפאר צו זייערע דעמאקראטישע פריי־הייטען און שטייגענדען לעבענס סטאנדארד און זייער קולטור.

„איך בין ענטציקט צו לערנען וועגען דער קא־אפעראציע פון די אמעריקאנער ארבייטער מיטן פינישען הילפס פאנד. די נויט איז גרויס און וויאר דרינגענד. איך בין זיכער אז די אמעריקאנער ארבייטער וועלען געבען די העכסטע הילף וואס זיי קענען און מאכען דעם פינישען ארבייטער טאג פאר א גרויסען ערפאלג".

(אונטערגעשריבען) וואלטער סיטרין.

וואוריס' קייבעלגראם לייענט זיך:

„ארבייטער פון אמעריקע:

„א דאנק אייך פאר אייער שטיצע צו אונזער ליי־דענדער ציווילער באפעלקערונג.

„פינלאנד איז געווארען א קרבן פון געוויסענלאזען אנגריף ניט אכטענדיג אויף דעם פארלאנג פאר פרידען פון אונזער לאנד און איר גרייטקייט צו פארהאנדלען. סאוועט־רוסלאנד האט אויפגעהויבען געווער געגען אונז צו דערגרייכען איר ציל. איר ציל און צוועק איז צו באזיגען פינלאנד און פארניכטען איר פאלק.

„די ארגאניזירטע ארבייטער פון פינלאנד בא־טראכטען דעם איבערפאל פון סאוועט־רוסלאנד אלס אימפעריאליסטישען פארזוך צו פארכאפען אונזער לאנד. עס איז איבער דער אורזאך וואס די פינישע ארבייטער האבען איינשטימיג באשלאסען צו שטיצען די פארלא־מענטארישע רעגירונג פון אונזער לאנד און פאראייניגען די כחות מיט אלע אנדערע צו באשיצען אונזער פרייהייט און זעלבסטשטענדיגקייט.

„מיר קעמפען געגען אן אונגעהייערע שטארקערע מאכט, אבער מיר זיינען באוואוסזיניג איבער דעם ווערט פון אונזער פרייהייט און איבער דער נויטיגקייט צו באשיצען אונזער דעמאקראטי. מיר קעמפען צוריק־צושטויסען דעם באלשעוויסטישען אימפעריאליזם פון אונזער לאנד. די גרעסערע כחות פון שונא שרעקען אונז ניש״ט אפ אין דעם קאמף אויף לעבען און טויט.

„מיר האבען געקראגען פיל סימפאטי און מאטע־ריעלע הילף פון דער גאנצער וועלט. די מעכטיגע דע־מאקראטיע פון אמעריקע און איר פרייהייט ליבענדע באפעלקערונג, האט אויך ארויסגעוויזען פריינדשאפט. דער קאמף אבער וואקסט שרעקליכער פון טאג צו טאג. דעם שונא׳ס איבערוועגענדע גרויסקייט קען אונז צע־דריקען, סיידען מיר זאלען קריגען ווירקזאמע הילף.

„מיר האפען, אז די גאנצע וועלט, ספעציעל די ארגאניזירטע ארבייטער פון אמעריקא וועלען באגרייפען אונזער פאזיציע. מיר זיינען טיף גערירט פון דער הילף וואס אונזערע אמעריקאנער ברידער האבען אונז שוין געגעבען און וואגען צו פארלאזען זיך אויף אייער ווייי־טערדיגער שטיצע.

„אין די גרויסע וועלדער פון פינלאנד פלאקערט איצט א שלאכט פאר דעמאקראטישע פרייהייטען געגען אימפעריאליסטישער דיקטאטור. ארבייטער פון אמע־ריקא! די מלחמה ווערט געקעמפט פאר דער צוקונפט פון אונזער קליינעם פאלק און פאר דער צוקונפט פון זיינע ארבייטער".

(אונטערגעשריבען)

פינישע פעדעראציע פון טרייד יוניאנס
עערא א. וואורי, פרעזידענט.

## דרעסמאכער אויפמערקזאם

די דרעסמאכער יוניאן לאקאל 22 רופט ספע־ציעלע פארזאמלונגען פון די מיטגלידער צו נא־מינירען קאנדידאטען, פאר מענעדזשער, ביזנעס אגענטען, עקזעקוטיוו באארד מיטגלידער, רעליעף קאמיטע מיטגלידער און דעלעגאטען צו דער קו־מענדער קאנווענשאן פון דער אינטערנעשאנעל. ביי די פארזאמלונגען וועט אויך ערוויילט ווערען די עלעקשאן און אבדזשעקשאן קאמיטע וואס וועט דורכפירען די וואלען. די פאלגענדע פארזאמלונגען ווערען גערופען:

מאנטאג, דעם 4טען מערץ, גלייך נאך דער ארבייט — פון אלע ארבייטער אין די אינסייד און קאנטראקטינג שעפער פון דער „אפיליאייטעד" אין מאנהעטען סענטער, 34טע סטריט און אכטע עוו.

דינסטאג, דעם 5טען מערץ, אין זעלבען פלאץ. — א מיטינג פון אלע ארבייטער אין די אינסייד און קאנטראקטינג שעפער פון דער פאפולאר פרייז דרעס מאנופעקטשורינג אסאסיאיישאן.

מיטוואך, דעם 6טען מערץ, גלייך נאך דער ארבייט — אלע ארבייטער פון די שעפער וואס געהערען צו דער נעשאנאל אסאסיאיישאן.

דאנערשטאג אוועגד וועלען געהאלטען ווערען מיטינגען אין די אויטלייאינג דיסטריקטען, ווי בראנקס, ברוקלין און בראנזוויל.

אלע דרעסמאכער, מיטגלידער פון לאקאל 22, ווערען אויפגעפאדערט צו זיין ביי די מיטינגען און נאמינירען די בעסטע און פאסיגסטע מענשען צו די פארשידענע עמטער.

## יערליכער באל פון ניט־גודס ארבייטער יוניאן דעם 30טען מערץ.

דער יערליכער באל פון דער ניט־גודס ארבייטער יו־ניאן לאקאל 155 וועט דאס יאר זיין שבת אוונט, דעם 30טען מערץ, אין די ארקעידיא באל רום, 918 האלסי סטריט, ברוקלין. א גאנץ ארקעסטער פון 14 אינסטרו־מענטען אונטער דעם באטאן פון באוואוסטען דיריגענט אלעקסאנדער אלשאנעצקי וועט באזארגען די מוזיק.

די ערויקישאנאל קאמיטע אנאנסירט, אז עס וועלען אויסגעגעבען ווערען דריי פרייזען. ערשטער פרייז, צוויי וואכען וואקיישאן אין יוניטי הויז; דער צווייטער פרייז — איין וואך וואקיישאן, און דער דריטער פרייז — א וויק־ענד אין יוניטי.

די באריכטען פון די שאפ טשערלייט וועגען דעם פארקויף פון בילעטען מאכט זיכער, אז דער הייי־יאָרי־קער באל וועט זיין פונקט אזא ערפאלג ווי די אונטערנע־מונגען פון דער ניט־גודס ארבייטער יוניאן אין דער פארגאנגענהייט.

GERECHTIGKEIT
A LABOR JOURNAL
Published every month by the
International Ladies' Garment Workers' Union
Office of Publication:
76 Montgomery St., Jersey City, N. J.
General Office:
3 West 16th St., N. Y. C. Tel. WAtkins [illegible]
DAVID DUBINSKY, President
and General Secretary-Treasurer
DR. B. HOFFMAN, Editor
Subscription price, paid in advance, $1.00 per year.
Vol. XXII. No. 2. [illegible] March, 1940
Entered as Second Class Matter, August 7, 1919 at Post Office at Jersey City, N. J., under the Act of August 4, 1912. Accepted for mailing at special rate of postage, provided for in Section 1103, Act of Oct. 3, 1917, authorized on Jan. 25, 1919.



# פראגען און ענטפערס וועגען טויטען בענעפיט

פון ה. סקולמאן, סעקרעטאר

ד. גליק: — איר דארפט ניט זיין אין כעס אויף אייך סעקרעטאר דערפאר, וואס ער האט אייך ניט געגעבען ד... פון אייך געפאדערטע אינפארמאציע, שוין דערפאר אליין וואס מיר האבען נאך ביז איצט די דאזיגע אינפארמאצי... ניט פארעפענטליכט, די פאקטען זיינען אבער ווי פאלגט... פינף און זעכציג פראצענט זיינען געווען שולדיג דרייצ... וואכען און ווייניגער; זיבען פראצענט זיינען געווע... ריקשטייענד פון פערצען ביז זעקס און צוואנציג וואכען אכט פראצענט זיינען געווען שולדיג פון זיבען און צוואנצי... ביז ניין און דרייסיג וואכען; די וואס זיינען געווע... שולדיג פאר מער ווי ניין און דרייסיג וואכען האבע... באטראפען ניט מער ווי דריי פראצענט. די וועלכע זיינע... צוריקגעוויזען געווארען, דערפאר ווייל זיי זיינען געווע... מעמבערס פאר ווייניגער ווי צוויי יאר, האבען אויסגעמאכ... פולע זיבען פראצענט.

ס. פאמער: — אייער יוניאן־קארד, אויב גוטשטייע... איז אייער פאליסי און עס איז דורכאויס ניט נויטיג... אייך צו האבען אירגענד וועלכע אנדערע דאקומענטען. נא... אויב איר קלערט אז א ספעציעלע פאליסע וואלט געווע... פראקטיש צוליב די אורזאכען וועלכען איר גיט אן אי... אייער בריוו, וואלט מאקע געווען ניט מער ווי רעכט... איר זאלט אזא רעזאלוציע אריינטראגען צו דער קומענד... קאנווענשאן.

ב. וויזואנער: — יא, דאס ווערט פראקטיצירט אי... מאנכע פון אונזערע גרעסערע לאקאלען אין ניו יאר... אבער איר דארפט פארשטיין, אז עס איז ניט אונזער אויפ... גאבע דאס זעלבע צו רעקאמענדירען צו אלע אנדערע לא... קאלען, פון דאס וואס מיר ווייסען האט די אינטערנעשאנ... ניט דאגעגען דעם, סיי ווי סיי קענען פון אט דער פריוו... לעגיע געניסען נאר אזעלכע מיטגלידער, וועלכע האבע... באלאנגט צו דער יוניאן פריער ווי יולי 1937, איידע... דער טויטען־בענעפיט פאנד איז עטאבלירט געווארען.

ע. בעקער: — ליידער האבען מיר ניט קיין פא... לעסליכע אינפארמאציע וועגען דער עלטער פון אונזער נא... כער מיטגלידערשאפט. מיר קענען דעריבער ניט ענטפער... צופרידענשטעלענד אייער ערשטע פראגע. וואס עס איז אבע... שייך די ידיעות וואס מיר האבען פון אונזערע רעקארד... געמליך פון די געשטארבענע מיטגלידער, זיינען די פאקט... ווי פאלגט:

פון 790 מעמבערס האבען 252 (עטוואס מער פו... 80 פראצענט) זיך אנגעשלאסען אן דער יוניאן אין עלטע... פון איין און פופציג יאר און העכער. פון דער דאזיג... גרופע זיינען 169 געווען גוטשטייענד און זייערע קרוב... האבען געקראגען אויסגעצאלט די סומע פון 85,850.00... זעכציג אפליקאציעס זיינען צוריקגעוויזען געווארען צו... ליב הינטערשטעליגקייט אין דיוס און פאר קורץ מעמבער... שיפ. די איבעריגע דריי און צוואנציג קייסעס האבען פי... פיילוויז באצאלט א סומע וואס האט אנגעפראכטען 1,680.00... האט אין זינען, אז דאס האנדעלט זיך בלויז פון א גרופ... וועלכע האט זיך אנגעשלאסען אן דער יוניאן אין דעם ע... מער פון 51 ביז 71 יאר.

י. הורוויטץ: — איר זייט גערעכט און פון הויגע... און ווייטער וועלען מיר אויסשרייבען דאס גאנצע ווא... „ווידראעל" אזוי אז אלע וועלען פארשטיין די „רעזאניי... ווארום מיר האבען באצאלט די פולע בענעפיט צו איינ... וואס איז געווען ריקשטייענד פאר פיר און צוואנציג וו... כען. די 24 אין דעם פאל באצייכענט ניט דעם בוכשט... דאבעליו סיינס, אז דער פארשטארבענער איז אזוי לא... געווען ארויס פון דער יוניאן אויף א ווידראעל קאר... ער האט אבער אנגעהאלטען די צאלונגען צום טויטען־בענעפי... פאנד, און זיינע יורשים האבען באקומען די פולע בענעפי...

## אלפרעד א. מאקסין נייער מענעדזשער ... יוניטי הויז.

די יוניטי הויז קאמיטע פון דער אינטערנעשאנ... האט באשטימט אלפרעד א. מאקסין אלס מענעדזשער ... דער יוניאנס פראכטפולער זומער־הוים אין די בלויע בע... פון פענסילוועיניע — די יוניטי הויז.

מר. מאקסין איז פארבונדען מיט דער אינטערנעשא... נאל פאר די לעצטע זיבען יאר. דורך די לעצטע ... יאר איז ער געווען דער אסיס מענעדזשער פאר יוניט... הויז. איצט נעמט ער איבער די פארוואלטונג.

GERECHTIGKEIT (*Justice*)

# גערעכטיגקייט

Volume XXII. No. 4. Jersey City, N. J., April, 1940 Price 10 Cents

## די אינטערנעשאנעל און די אמאלגאמייטעד

די לאנגיאריגע פריינדשאפט צווישן די צוויי יוניאנס, די אינטערנעשאנאל אין די אמאלגאמייטעד, וואס איז אויף א קורצער צייט איבערגעריסען געווארען איז צוריק באנייט געווארען. דאס איז א גרויסע פרייד ניט בלויז פאר די מיטגלידער פון די צוויי גרויסע ארגאניזאציעס, נאר פאר דער גאנצער ארבייטער־באוועגונג, באזונדערס פאר דער אידישער ארבייטער־באוועגונג, וואס באטראכט נאך אלץ די אינטערנעשאנאל און די אמאלגאמייטעד פאר אידישע יוניאנס, ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס די גרויסע מאיאריטעט פון זייערע מיטגלידער איז א ניט־אידישע.

מיר וועלען ניט בארירען די פראגע ווי אזוי די לאנגיאריגע פריינדשאפט צווישן דער אינטערנעשאנאל און דער אמאלגאמייטעד איז איבערגעריסען געווארען און ווער עס איז געווען שולדיג אין דעם. בעסער זאל מען עס פארגעסען און טראכטען בלויז וועגען דער באנייטער פריינדשאפט, וואס וועט זיין, ווי מיר האפען, א לאנג דויערענדע.

עס איז נאטירליך, אז צווישן צוויי אזעלכע נאענטע טריידס, ווי די מענער קליידער אינדוסטריע און די פרויען קליידער אינדוסטריע זאלען פארקומען יוריסדיקציאנעלע שטרייטיגקייטען און מיר ווילען זיך ניט מאכען קיין אילוזיעס, אז די וועלען פון היינט אן מער ניט פארקומען. מיר זאגען אבער, אז אלע אזעלכע שטרייטיגקייטען קענען אויף א פרידליכען און ברידערליכען אופן געשליכטעט ווערען צווישן די צוויי יוניאנס.

דער צוזאמענקונפט פון פרעזידענט דייוויד דובינסקי און פרעזידענט סידני הילמאן צו שליכטען דעם שטרייט צווישן דער אינטערנעשאנאל און דער אמאלגאמייטעד איז געווען א גליקליכע פאסירונג און מיר זיינען זיכער, אז דאס וועט האבען א גרעסערע ווירקונג אויף דער אלגעמיינער געגענזייטיגער באציהונג צווישן די צוויי גרויסע יוניאנס, וועלכע מוזען זיין פריינדליך, אויפריכטיג און שטענדיג גרייט צו העלפען איינע דער צווייטער אין די פארשידענע שוועריגקייטען וואס ווערען ארויסגערופען אין די אזוי נאענטע טריידס, וואס זיי קאנטראלירען.

∴

## דער רעזולטאט פון די וואהלען אין דער יוניאן

דער וואהל־יאריד אין די לאקאלס פון אונזער גרויסער יוניאן איז אזוי גוט ווי פאריבער. ווייניגסטענס אין ניו יארק. די יוניאן קען דעריבער זיך צוריקקערען צו איר טאג־טעגליכער רוטינער ארבייט און דערביי דיסקוטירען די פראגען, וואס דארפען פארהאנדעלט ווערען אויף דער קאנווענשאן.

דער וואהל־קאמף איז געווען א גאנץ לעבעדיגער, אין מאנכע לאקאלס שוין צו לעבעדיג. מען האט געשאסען ניט בלויז מיט פולווער, נאר אויך מיט בלאטע. אבער מען קען דאך ניט זאגען, אז די האבען אין דעם פרט איבערגעשטיגען די וואהלען פון פריהערדיגע יארען. וואהלען אין אונזער יוניאן זיינען אלע מאל גאנץ לעבעדיגע און מען קען זאגען, אז די וואהל־קאמפען, וואס זיינען דורכגעפירט געווארען ביי אונז אין די לעצטע יארען, זיינען אין אלגעמיין געווען ציוויליזירטער, ווי אין די אמאליגע יארען. אמת, נאך ניט אלע האבען זיך אויסגעלערנט צו געברויכען אן אנשטענדיגע שפראך אין דעם וואהל־קאמף און צו אונטערשיידען צווישן וואהל־אגיטאציע און שמוץ־ווארפעריי, אבער א סך האבען זיך דאך עס שוין אויסגעלערנט.

דער וואהל־קאמף האט זיך דאס מאל אויסגעצייכענט מיט דעם, וואס ער איז געפירט געווארען לויט א שארף אויסגעצייכענטער ליניע — מאכען א סוף צו דעם אמאליגען פאראייניגטען פראנט מיט די קאמוניסטען, וואס זיינען אין פארבינדונג מיט דער נייער וועלט־מלחמה געווארען כאווירים פון היטלער'ן.

אמת, דאס איז ניט געווען דער פאל אין אלע לאקאלס, וואס האבען געהאט וואהלען. עס זיינען אויך געווען אויסנאמען, וואס האבען קיין מאל ניט געהאט קיין פאראייניגטען פראנט מיט די קאמוניסטען, עס זיינען אויך פאראן אזעלכע גליקליכע אויסנאמען, וואס לידען כמעט אין גאנצען ניט אויף דער קאמוניסטישער חולאת. דארטען איז טאקע דער וואהל־קאמף געווען, קען מען זאגען, א גאנץ שטילער. שטורמיש איז ער בלויז געווען דארטען, וואו דער קאמף איז אויסגעפאכטען געווארען געגען די קאמוניסטען, אדער קאמונאציס, ווי מען האט זיי מיט רעכט א נאמען געגעבען.

עס זיינען געווען שטארקע מיינונגס־פארשיידענהייטען אין אונזער יוניאן וועגען א פאראייניגטען פראנט מיט די קאמוניסטען. נאך אידער זיי זיינען געווארען קאמונאציס. די געגנער האבען געזאגט, אז וואס פאר א פרום פנים די קאמוניסטען זאלען ניט מאכען, וויפיל שבועות זיי זאלען זיך ניט שווערען, אז זיי וועלען זיין גוט און פרום, קען מען זיי ניט גלויבען. זיי וועלען אונטער אלע אומשטענדען און באדינגונגען טאן אלץ, וואס זיי קענען, אויסנוצען די יוניאן פאר זייערע פאליטישע צוועקען און פאר זייער פארטיי.

די אנדערע מיינונג איז געווען, אז אזוי לאנג ווי די קאמוניסטען לייגען זיך אליין אוועק און בעטען זיך, אז מען זאל איבערפארען דארף מען זיי עס טאן. עס איז אמת, אז זיי האבען דערביי א צוועק און אז זיי גלויבען, אז זיי וועלען פון דער דאזיגער טאקטיק זייערער ענדליך געווינען. אבער דערווייל איז עס גוט פאר דער יוניאן, דארף מען עס אויסנוצען, און וואס עס וועט זיין מארגען וועט מען דעמאלט זארגען.

אבער אט די מיינונגס־פארשיידענהייטען וועגען דעם פאראייניגטען פראנט מיט די קאמוניסטען האבען געמוזט אויפהערען, ווען די קאמוניסטען האבען אראפגעווארפען פון זיך די פרומע מאסקע און זיי האבען באוויזען זייער אמת'ן פנים, וואס איז געווארען נאך מיאוס'ער און אפשטויסענדער, ווי עס איז געווען אמאל. די כאווערשאפט וואס סטאלין האט געשלאסען מיט היטלער'ן האט ניט בלויז אפגעווישט און אפגעמעקט די אלע פריהערדיגע גוטע און פרומע רייד פון די קאמוניסטען פאר דעמאקראטיע, פרייהייט און אייניגקייט צווישן די ארבייטער. נאר האט נאך צו דעם אלטען אנטי־דעמאקראטישען און אנטי־פרייהייטליכען קאמוניזם צוגעגעבען א נאצישען בייגעשמאק. די קאמוניסטען באקעמפען און באשמוצען ווידעראמאל אלץ וואס איז דעמאקראטיש און פרייהייטליך און אין דעם גרויסען וועלט־קאמף, וואס ווערט איצט געפירט צווישן די דעמאקראטישע לענדער און דער פינסטערער בארבארישער היטלער דיקטאטור, האבען זיי זיך געשטעלט אויף דער זייט פון היטלער'ן. א פאראייניגטער פראנט מיט די קאמוניסטען איז היינט ניט מער קיין פאליטישע פראגע, נאר א מאראלע. עס איז געגען דער עלעמענטארסטער מאראל פון דער ארבייטער באוועגונג צו האבען פארבינדונגען און פאראייניגונגען מיט שותפים פון היטלער'ן און א פשיטא שוין איז עס געגען דער מאראל פון אידישע ארבייטער. פאר וועמען היטלער איז ניט בלויז די פארקערפערונג פון אל דאס ביז אין דער וועלט, נאר ער איז אויך דער בלוטיגסטער און טיראנישסטער שונא פון אידישען פאלק.

אט דער קאמף צו באזייטיגען די קאמוניסטען פון יעדען אנטייל אין דער פירערשאפט פון דער יוניאן איז געווען א געבאט פון דער צייט. ער האט געמוזט אויפגענומען ווערען און געפירט ווערען מיט דער גאנצער ענערגיע און ער איז אויך געווען ערפאלגרייך. די וואהלען האבען פאר די קאמוניסטען געבראכט א פולשטענדיגע נידערלאגע. מיט דער אויסנאמע פון א פאר, וואס האבען צו פארדאנקען זייער פערזענליכער פאפולאריטעט, זיינען אלע קאמוניסטישע קאנדידאטען דורכגעפאלען. די פארוואלטונגען פון די לאקאלס זיינען אין גאנצען ריין פון קאמוניסטען, אויסער לאקאל 9, וואו א פאר זיינען געבליבען, ווי א זכר לחורבן. האבען דאך די קאמוניסטען געהאלטען לאקאל 9 פאר זייערער א פעסטונג. עס איז אבער דערביי צו באמערקען, אז אין לאקאל 38, וואו די קאמוניסטען האבען פריהער געהאט א מאיאריטעט אין דער פארוואלטונג, זיינען זיי אין גאנצען אויסגערייניגט געווארען. די ניי־געוועהלטע עקזעקוטיווע איז אין גאנצען ריין פון קאמוניסטען.

עס איז ניט נויטיג, און עס טויג אויך ניט צו פארדעקען דעם פאקט, אז ניט קוקענדיג אויף דער גרויסער נידערלאגע פון די קאמוניסטען אין די וואהלען, האבען זיי דאך געצויגען אין מאנכע לאקאלס א גאנץ באדייטענדע צאל שטימען. דאס מעג זיין א גאנץ אונאנגענעמער פאקט, אבער מען דארף אים ניט באהאלטען. נאר מען דארף פון אים עפעס לערנען. ערשטענס, אז די אויפקלערונגס־ארבייט געגען די היטלער־סטאלין קאמוניסטען דארף פארגעזעצט ווערען מיט דערזעלבער ענערגיע נאך די וואהלען, ווי אין דער צייט פון די וואהלען. עס זיינען נאך פאראן, ווי די וואהלען האבען געוויזען, א סך פארפירטע, וואס אפילו דער סטאלין־היטלער אפמאך האט זיי ניט אויסגעניכטערט פון דעם קאמוניסטישען טשאד. צווייטענס, קען מען זעהן פון די שטימען, וואס זיינען אפגעגעבען געווארען פאר די קאמוניסטען, ווען מען אנאליזירט זיי, אז א באדייטענדע צאל ניט־קאמוניסטען האבען געשטימט פאר קאמוניסטען. דאס זיינען געווען, ווי מען קען זיי אנרופען פראטעסט־שטימען. זיי זיינען ניט אויסען געווען צו שטימען פאר קאמוניסטען, נאר צו שטימען געגען דער אדמיניסטראציע. עס זיינען אין יעדען לאקאל פאראן אזעלכע, וואס זיינען ניט צופרידען מיט די פירונגען פון דער אדמיניסטראציע און ווען זיי קענען ניט קומען צום אויסדרוק אויף א גוטען דעמאקראטישען אופן, ווי עס דארף זיין אין א דעמאקראטיש־געפירטער יוניאן, זוכען זיי צו קומען צום אויסדרוק אויף א שלעכטען אופן, שטימענדיג פאר קאמוניסטען. מען דארף אבער געדענקען, אז דעמאקראטיע מיינט ניט בלויז די הערשאפט פון דער מאיאריטעט, נאר עס מיינט אויך דאס רעכט פון דער מינאריטעט צו קומען צום אויסדרוק און געהערט צו ווערען. דאס איז א העכסט־וויכטיגער טייל פון דעמאקראטיע און טאר ניט אונטערדריקט ווערען.

עס פארשטעהט זיך, אז מען דארף שטעהן אויף דער וואך און היטען, אז די קאמוניסטען, וואס זיינען פיינד פון דעמאקראטיע און וואס אונטערדריקען איר, ווי נאר זיי קריגען די מאכט, אז זיי זאלען ניט אויסנוצען זייער מינאריטעט רעכט צו שעדיגען די דעמאקראטיע פון דער יוניאן, אבער מען דארף ניט שטעמפלען יעדען געגנער מיט דעם נאמען קאמוניסט, כדי אים צו פסל'ען און דורך דעם זיך באפרייען פון קריטיק און פון אן אפאזיציע.

מיר דארפען זעהן צו האלטען פאראייניגט און צוגעבונדען צו דער יוניאן, אלע מיטגלידער, וואס גלויבען אין די פרינציפען, אויף וועלכע די יוניאן איז געבויט, און זיינען לויאל צו איר. עס דארף זיין אונזער אויפגאבע צו העלפען זיי קריגען זייערע רעכטען, וואס זיי קומט, און זיי אויסצונוצען. דורך דער פאראייניגונג פון אלע קאנסטרוקטיווע כוחות פון דער יוניאן וועט זיין לייכט בייצוקומען די אלע צושטערענדע כוחות.

∴

## קלובען און גרופען אין דער יוניאן זיינען נאך די וואלען פארבאטען

אויב מען זאל אורטיילען פון דער „ליטעראטור" וואס די פארשיידענע קלובס און גרופען האבען ארויסגעגעבען אין דער צייט פון דער וואהל־קאמפאניע, מוז מען קומען צו דער איבער־